ביבליאָטעק „פאָלקסבילדונג".

א זאמלונג פון פאָפולער-וויסענשאפטליכע
אָבהאנדלונגען, אָרגיניעלע און איבערזעצטע,
אונטער דער רעדאקציע פון אַ. ליטווין.

באַנד I

# רעליגיאָן
# און ערציהונג

פרייז 75 סענט.

ארויסגעגעבען פון
פערלאַג „פאָלקסבילדונג"
הויפט־פערקויף ביי דעם „ליטעראַרישען פערלאַג"
256 איסט בראָדוויי, ניויאָרק
1915.

# די רעליגיאָן פון דער צוקונפט.

רעליגיאָן אָדער קיין רעליגיאָן? די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז זעהר קלוג און דיפּלאָמאַטיש געווען, וואָס זי האָט גלייך אין אָנהויב פון איהר מעכטיגען אויפשטייג אוועקגעלעגט אָן אַזייט די דאָזיגע פראַגע, און אויפגעשריבען אויף איהר פאָהן: רעליגיאָן איז אַ פּריוואַט-זאַך!

ביי דאָס רוב פעלקער און לענדער אָבער רעדט מען פון דער לאַנדס-רעליגיאָן. און יעדער בירגער און יעדע בירגערין ווערען געצוואונגען צו העלפען און אונטערהאַלטען דורך פערשיעדענע אָבצאָהלונגען די אַזוי-גערופענע שטאַאַטס-רעליגיאָן.

אין אמת'ן אָבער איז דאָס ניט קיין רעליגיאָן, נור אַ קירכען-אַנשטאַלט אַנ'אָבמאַך צווישען שטאַאַט און קירכע: איך דיען דיר און דו דיען מיר. דער שטאַאַט האַלט אויס די קירכע, גיט איהר אָב כבוד דערפאַר דאַרף די קירכע מיט גלויבענסזעצען, מיט אַלערליי דאָגמען (עקרים) האַלטען אין צאַהם אָדער גאָר אינגאַנצען פּאַראַליזירען דעם מענשליכען גייסט, וועלכער שטרעבט אַלץ פאָרוועדטס. מען האַלט פאַר גלייך שטאַאַטס-קירכע און שטאַאַטס-רעליגיאָן. און שוין לאַנג בעטראַכט מען פאַר גלייך איבערהויפּט קירכע און רעליגיאָן.

אויך ביי די פיהרערכ' פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער בעוועגונג איז מען דעם זעלביגען פעהלער בעגאַנגען. על פי טעות האָט מען בעטראַכט פאַר גלייך: רעליגיאָן און קירך. און אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז אין דער ביז איצטיגער, וואַקסענדער ענטוויקלונג פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, געגען וועלכע עס

האָבען געקעמפפט ביז צום היינטיגען טאָג אַלע קירכען, כמעט אָהן אַנ׳אויסנאהם, האָט באַלד אָפען אָדער געהיים געוואונען אַלע הערצער די פּאַראָלע: „אסוף מיט דער רעליגיאָן!״ די יונגע האָבען זיך מיט בעגייסטערונג ערקלערט פאַר „רעליגיאָנס-פריי״, פאַר פיינד און בעקעמפפער פון דער רעליגיאָן.

אין אמת׳ן איז דאָס אָבער געווען אַ גוואַלדיגער פעהלער! וואָרום רעליגיאָן האָבען מיר אַלע: צי מיר געהן דאַווענען אין שול, אָדער אין קירך, צי מיר גלויבען אין גאָט אָדער מיר לייקענען אין איהם, צי מיר האַלטען פאַר אַ הייליגען דעם הייליגען פאָטער אין רוים אָדער דעם רעפאָרמאַטאָר לוטער; צי מיר וואַרפען געטע, זאַראַטוסטראַ און ניטשע, אָדער מיר הויבען און לויבען זיי ביז׳ן הימעל; צי מיר פאַלען אויף די קניע אין אַנ׳אויסגעפּוצטער קאַפּעלע פאַר דער „גאָטסמוטער מאַריע״, אָדער מיר בעזינגען אין שטילען וואַלד, דעם געטער-טעמפּעל פון דער נאַטור, דעם בלויען הימעל און די שענע ערד!

אַ רעליגיאָן האָבען מיר אַלע, אָהן אַנ׳אונטערשייד, — און מעהר פון אַלעמען אפשר גראָד יענע, וועלכע לייקענען איהר אָב שטיין און ביין!

די רעליגיאָן וועט ניט פערשווינדען, אַזוי לאַנג ווי דאָס מענשען-געשלעכט וועט בלייבען אַ ראַסע, וואָס איז פעהיג זיך צו ענטוויקלען.

די רעליגיאָן וועט בלייבען לעבען, אָבער דער תמ׳עוואַטער גלויבען, דאָס דאָגמאַ וועט שטאַרבען.

„אַ סוף מיט׳ן גלויבען, דעמאָלט קאָן לעבען די רעליגיאָן!״

אַזוי האָט אונז צוגערופען מיט אייניגע צעהנדליג יאָהר צוריק דער בעריהמטעסטער עסטעטיקער פון פאָריגען יאָהר-הונדערט טעאָדאָר פישער.

און מיר לעגען נאָך צו: „איז דער גלויבען, דאָס דאגמאַ

טויט, דעמאָלט וועט ערשט לעבען די רעליגיאָן״!

ניט איינעם וועט דאָס קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אונ־פערשטענדליך, אָבער מיר ווילען געבען אויף דער פראגע א קלאָרען ענטפער.

וואָס איז רעליגיאָן? רעליגיאָן, אלס בעגריפסוואָרט, שטאמט פון „רעליגערע״ — בינדען — און בעדייט אזוי פיעל ווי „באנד״.

די קירכע זאָגט טאקע: רעליגיאָן איז דאָס קינד, וואָס פערבינדט דעם מענשען מיט גאָט, אָדער:

רעליגיאָן איז די בעציהונג פון דעם מענשען צום העכסטען, וואָס שטעהט איבער דאָס ערדישע, איבער דער נאַטור און די ערשיינונגען פון וועלט-אַל, אָדער:

רעליגיאָן איז דער גלויבען אין דאָס, וואָס די קירכע לערנט.

און די קירכע גיט אָן, אז אויסער איהר איז ניטאָ קיין עכטע רעליגיאָן. ווער עס האלט ניט מיט דער קירכע, דער גילט ביי די קירכלייט פאר אנ׳אפּיקורס, וואָס לייקענט אין גאָט.

אויך ביי דעם גרעסטען טייל פון די אויפגעקלערטע מענשען איז מען איינשטימיג דערמיט; די אינטעליגענסטע און געבילדעטסטע סאָציאַליסטען האָבען פיינד די קירך; און ווייל זיי בעטראַכטען די קירך פאר די איינציגע פאָרשטעהערין פון דער רעליגיאָן, ווארפען זיי דעריבער צוזאמען אין איין זאק אריין זייערע בעגריפען פון קירך און רעליגיאָן. פון גלויבען און פרומען האָפען. און ווייל זיי האָבען פיינד און מוזען פיינד האָבען די קירך אלס פּרינציפּ פון אונבעוועגליכקייט, אלס פּרינציפּ פון אַ פערגליווערטען און פערשטיינערטען צושטאנד, ווענדען זיי זיך מיט דעם זעלביגען האס געגען רעליגיאָן בכלל. אָט אין דעם

פרט הערשט אַ גוואַלדיגער טעות ביי די קלעריקאַלען אַזוי גיט ווי ביי די „אַנטירעליגיעזע״ סאָציאַליסטען און ביי אַ סך, אַ סך פריידענקער. קיין זאַך איז ניט אַזוי פאַלש ווי דאָס גלייך האַלטען פון קירכען־גלויבען און רעליגיאָן, קיין זאַך איז ניט אַזוי געפעהר־ליך, ווי דאָס צונויפמישען פון דיביידע זאַכען צוזאַמען. וואָרום אין דער אמת׳ן האָבען אָט די ביידע גאָר נישט צו טון איינס מיט אַנ׳אַנדער. אין דער ווירקליכקייט זענען דאָ זעהר פיעל קירכען־לייט, וועלכע האָבען זעהר ווענינ אָדער גאָר קיין רעליגיאָן. זיי געהען אַלע יום־טוב דאַוונען אין קלויסטער, קומען צייטענווייז צום גלח זיך „מתודה״ זיין, — דאָס איז אָבער נור פון געוואוינ־הייט. אָדער „ווייל עס פאַסט אַזוי״. זייער רעליגיאָן איז פיעל ניעדעריגער אַבצושאַצען איידער פון אַ סך טויזענדער, וועלכע ווילען ניט מעהר וויסען פון דער קירך, וואָס קעמפפען געגען איהר און דוקא אין דעם נאָמען פון רעליגיאָן.

אַ סך פאַנטעאיסטען *), אַטעאיסטען **) און מאָ־ניסטען ***) האָבען אין זיך מעהר רעליגיאָן איידער דער דיק־בייכינער קירכען־צדיק, וואָס הערט זיך צו אַלע זונטאָג מיט אויטאָמאַטישער פינקטליכקייט צו דער „דרשה״ פון גלח. מעהר רעליגיאָן, ווי דער גלח אַליין און ווי דער פרימסטער. געלערענטסטער אין געטליכער חכמות פראָפעסאָר, וועלכער זוכט אונז צו בעווייזען קלאָר ווי דער טאָג, אַז דריי איז פונקט אַזוי פיעל ווי איינס.

*) אַזעלכע, וואָס זאָגען, אַז גאָט און די נאַטור איז אַלץ איינס.

**) אַפיקורסים, וואָס לייקענען אינגאַנצען אין גאָט.

***) אַזעלכע, וואָס גלויבען אין אחדות פון אַלע קרעפטען פון דער נאַטור, וואָס בעהויפטען, אַז אידעאַליזם און מאַטעריאַליזם, שטאָף און גייסט, קערפער און נשמה זענען בלויז פערשידענע פאָרמען פון איין איינציגער קראַפט, וואָס פילט אָן דעם גאַנצען וועלט־אַל.

רעליגיאָן איז ניט אַ בלינדער גלויבען, איז ניט אַ טרוימעריי פון זאכען און געשעהענישען, וואָס עקזיסטירען נור אין דער פאַנטאַזיע. רעליגיאָן איז אַ אינערליכער דראַנג פאָרוועׂרטס, אַ שטרעבונג נאָך אַ העכערער ענטוויקלונגס-שטופע פון אונזער ערט-און כלל-לעבען. רעליגיאָן איז אַנ׳אונבעוואוסטע פיהלונג, אָדער אַ בעוואוסטזיניגע ערקענונג פון יענעם באַנד, וואָס נעהמט אַרום אַלע זאכען און געשעהענישען אין דער נאַטור און אין וועלט-אַל, פון אייביג אָן און אין אַלע אייביגקייטען. רעליג־יאָן איז אַ בעוואוסטע אָדער אונבעוואוסטע שפירונג, אַז מיר, מענשען, זענען נור אַ טייל פון אָט דעם גרויסען ,,אַל״. און זענען געמוזטערהייט אונטערגעוואָרפען אונטער די אייביגע געזעצען פון ,,געשעהן״, אונטער די ענטוויקלונגס-געזעצען.

דער מאָדערנער מענש האָט דורך בעטראַכטונגען און פראָבעס, דורך וויסענשאַפטליכען פאָרשען, דורך מעסטען, וועגען, דורך צוגליעדערען און פערגלייכען, דורך פלייסיגען זוכען און גליקליכען געפינען -- קענען געלערנט אַ גרויסען טייל פון דער אָרדנונג און געזעצמעסיגקייט אין די געשעהענישען פון דער נאַטור. מיר זענען היימישער געוואָרען אין דער וועלט און האָבען משיג געווען אין פערלויף פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט דעם אמת פון די ענטוויקלונגסגעזעצען אין דער נאַטור און אין וועלט-אַל. מיר זענען סוף כל-סוף דערגאַנגען, ווער עס איז דער טרייבענדער פאַקטאָר אין דער ענטוויקלונג פון דעם מענשען־געשלעכט.

דאָס איז נעמליך דער נאַטירליכער און דעריבער אויך דער אַלמעכטיגער דראַנג צו בעוועגען זיך פאָרוועׂרטס, צו ווערען העכערע, פאָלקאָמענערע ברואים. אָט דער דראַנג לאָזט זיך ניט אָבהאַלטען. ער איז פאַראַן אין אַלע דענקענדע, געזונדע מענ־שען,-- אין איינעם שטאַרקער, אין דעם אַנדערן שוואַכער. דער

דאָזיגער ענטוויקלונגסדראַנג איז אַזוי אַלט ווי די מענשהייט אַליין; ער וועט אויך ניט שטאַרבען, ביז דער לעצטער מענש וועט צומאַכען אויף אייביג זיינע אויגען.

אָט דער ענטוויקלונגסדראַנג איז אויך דער גרונד־אַקאָרד פון אַלע רעליגיאָנען, אין אַלע צייטען און פון אַלע פעלקער. ער ליעגט אַלס אַנאַטירליך־געגעבענער פאַקטאָר אין דער סאַמע נאַטור פון דעם מענשען־געשלעכט; אָהן איהם וואָלט קיינמאָל ניט געוואָרען פון א חיה — א מענש.

וואָס לערנען מיר פון דער ענטוויקלונגסלעהרע אין דעם פרט, וואָס איז נוגע רעליגיאָן? ---

ווען ס׳איז ריכטיג די אָבשטאַמונגס־און ענטוויקלונגס־לעהרע, ווי די נאַטור־וויסענשאַפט האָט איינמאָל פאַר אַלע מאָל בעוויזען מיט ראיות, וועלכע לאָזען זיך ניט מעהר אָבשלאָגען, — בעוויזען אויף צו־להכעיס די חכמים פון די היילינע פאַרטערם אין רוים, — ווען ס׳איז ריכטיג די ענטוויקלונגסלעהרע, וואָס אפילו די קירך אַליין הויבט איצט אָן ביסלעכווייז אין איהר מודה צו זיין, שטאַמען די מענשען פון אור-אור-עלטערן — חיות. אָט די אור-אור-עלטערן, מיט מיליאָנען יאָהרען צוריק, האָבען געפיהרט אַלעבען, גלייך ווי די מענשען-עהנליכע מאַלפּעס, וועלכע לעבען נאָך היינט. פון די דאָזיגע מאַלפּעס-עהנליכע עלטער־עלטערן האָבען זיך אָבגעצווייגט אין דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג אין בעזונדערע צווייגען, פון איין זייט די העכערע מאַלפּעס, וועלכע לעבען נאָך היינט, פון דער אַנדערער זייט די מענשען.

ניט אין פיזישע, ניט אין קערפּערליכע זאַכען איז געלעגען דער תוך פון דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג ביים ווערען פון א טיער א מענש. דער עקר איז דאָ בעשטאַנען אין קריעגען גייסטיגע פעהיגקייטען און אין דער ווייטערדיגער פסיכישער ענטוויקלונג,

װעלכע האָט געבראַכט מיט זיך די מעהר װי אַלץ װיכטיגע װײטערע אַנטװיקלונג פון די דענק-אָרגאַנען און דעם געהירן (מוח). דער װערענדיגער מאַלפּעסמענש האָט זיך אַנטװיקעלט צו אַ דענקענדען טיער-מענשען מיט אַ גרויס-געהירן. העכער פון אַזאַ זעגען פיעל אַזוי גערופענע מענשען נאָך היינט ניט געקומען.

אַלע גייסטיגע פעהיגקייטען און פּסיכישע כחות פון דעם היינטיגען מענשען זענען שוין געװען — פאַראַנען אין דעם טיערי־שען אור־פאָטער. די פערגלייכענדע פּסיכאָלאָגיע װייזט אונז, אַז פערשטאַנד און פערנונפט, שכל און בינה, װי הויך זיי זאָלען ניט זיין אַנטװיקעלט היינט ביי בענאַבטע מענשען, אונטער־שיידען זיך פון די גייסטיגע כחות פון בהמות און חיות נור נאָכ׳ן גראַד, אָבער ניט אין עצם. יאָ, אַלע מעלות און הויכע מדות, מיט װעלכע מיר מענשען האָבען זיך ליעב צו בערימען געגען אַנדערע ברואים, האָבען שוין עקזיסטירט אין אַ געװיסען גראַד ביי אונזערע טיערישע פאָרעלטערן; צום ביישפּיעל: מוטער־ליעבע, קינדערליעבע, פריינדשאַפט, אחדות-געפיהל, טאַפּפער־קייט, אָפּפערװיליגקייט, זעלבסטפערלייקענונג, גרויסמוט, מיט־לייד, מיט זייערע אומגעקעהרטע זייטען.

אָט די אַלע אָנגעבאָרענע קרעפטען און אור-געפיהלען האָבען דורכגעמאַכט אַזאַ פערהעלטניסמעסיג שנעלע װײטער־אַנטװיקלונג ביים מענש-װערען־פּראָצעס, אַז פאַר די קינדער און קינדסקינדער איז אַלץ אַרויסגעקומען אַ טובה דערפון און דאָס האָט זיי געגעבען די אויבער־האַנד איבער די מיט זיי פערװאַנדטע חיות. אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען, װאָס אויך די פאָרעלטערן פון דעם מענשען און די פון זיי אָבגעשטאַמטע האַלב אָדער דריי פערטעל מענשען האָבען געהאַט דורכצומאַכען, האָבען צוליב דער סבה, װאָס איז נאַטירליך און לייכט-פער־שטענדליך, די מעהר בענאַבטע, געזינדערע און גייסטיג

ענטוויקעלטערע אינדווידען (איינצעלנע מענשען) אַלע מאָל געזיגט איבער די ווענִיגער ענטוויקעלטע, די שוואַכערע אין קערפּער און גייסט.

אָט די נאַטירליכע האַדעוואַניע האָט ביי דער מענש־ווערונג צום שטאַרקסטען מיט געהאָלפען אין דער גייסטיגער ענטוויקלונג. אויך דער גייסט פון מענשען, וואָס שטייגט היינט אַריבער די זעעלישע קראַפט פון אַלע אַנדערע לעבעדיגע ברואים אויף דער ערד,— אויך דער גייסט פון מענשען איז אַ פּראָדוקט פון דער נאַטירליכער אָבקלייבונג אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען.

אויף אַ געוויסען שטאַפּעל פון אָט דער גייסטיגער ענט־וויקלונג האָט אָנגעהויבען ביסלעכווייז אין מענשליכען געהירן אויפצושיינען קוים, קוים, מיט אַ בין השמשות־שטראַהל, דאָס קאַוזאַליטעטס-בעדערפניש, ד. ה. דאָס בעדערפניש צו דער־געהן די אורזאַך, די סבה פון די ווירקונגען. דער ווערענדיגער מענש האָט געזעהן אין פיעל ערשיינונגען פון די נאַטור־און וועלט-געשהענישען עפּיס אַ שייכות, אַ צוזאַמענהאַנג צווישען אור־זאַך און ווירקונג, דעם גרונד, דעם שורש פון עפּיס און זיין פאָלגונג, זיין פועל יוצא. ער האָט אָנגעהויבען צו דערקענען, און האָט געצווּנגען דערפון נוצען פאַר זיין חיות אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען. ער האָט באַלד איינגעזעהן, אַז ס׳איז גוט און נוצליך צו קריעגען אַנ׳ענטפער ביי יעדער געשעהעניש אויף די פראַגע: „פאַרוואָס?" אַזוי האָט ער זיך איינגעוואוינט צו שטעלען ביי יעדער פאַסירונג די פראַגע „פאַרוואָס"?

אָט פונקט אַזוי מאַכט דאָס נאָך היינט דאָס קינד. אין זוכען אַנ׳ענטפער אויף יעדער פראַגע לערנט עס זיך אויס דענ־קען. זיין גייסטיגער כח וואַקסט ביי יעדער ריכטיג פערענטפער־טער פראַגע: ער איז פרעהליך און גליקליך, ווען מען הערט זיינע פראַגען און מען דערקלערט זיי, ער איז אונצופריעדען,

ווען ער קריגט קיין ענטפער ניט.

אזוי האָט די מלחמה פאַר'ן לעבען איינפאַך און נאַטיר־ליך מיטגעהאָלפען אין דעם ענטוויקלונגסגאַנג פון דער מענש־ווערונג צו פערשטאַרקען און צו ענטוויקלען דעם דראַנג צו דער־קענען דעם צוזאַמענהאַנג צווישען אורזאַך און ווירקונג, און אזוי איז דער דאָזיגער דראַנג געוואָרען די טרייבענדע קראַפט צו דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג. אָט דעם קאַוזאַליטעט־בע־דערפניש פערדאַנקען מיר אַלע וויסענשאַפטען, אַלע גייסטיגע פאָרטשריטען, אַלע ערפאָלגען אין דערקענען דעם אמת, די נאַטור־און די וועלט־געזעצען, און טאַקע אָט דער זעלביגער דערקענונג פערדאַנקען מיר אויך די נוצליכע אָנווענדונג פון דער נאַטורס געזעצען אין אונזער פראַקטישען לעבען, בעזונדערס אין דער טעכניק.

דעם זעלביגען קאַוזאַליטעט־בעדערפניש פערדאַנקען מיר אויך אַלע געוועזענע רעליגיאָנען און אַלע רעליגיאָנססיסטעמען פון דער איצטיגער צייט. וואָרום קיין רעליגיאָן איז ניט אַרונ־טערגעפאַלען פון הימעל: קיין רעליגיאָן איז ניט געווען די ענט־פלעקונג פון אַן'איבערנאַטירליכען מאַכט. אַלע רעליגיאָנען, די וואָס זענען געווען, די וואָס זענען נאָך היינט דאָ און די וואָס וועלען זיין אין דער צוקונפט, זענען נור ענטוויקלונגספראָדוקטען פון אַ גאַנץ נאַטירליכער אָבשטאַמונג.

און אַלע רעליגיאָנען פון דער פערגאַנגענהייט האָבען זייער גאַנץ נאַטירליכע ענטוויקלונגסגעשיכטע פון די עלטסטע, פרימיטיווסטע אָנפאַנגען אָן, וואו מען האָט פערעהרט די זון אַלס גאָט און בעשעפער, ביז אויף אונזער מאָדערנסטע רעליג־יאָן פון דער פערנינפטיגער וועלט־אַנשויאונג אין דעם מאָניזם.

ניט דאָ איז דער פּלאַץ אַרומצורעדען לאַנג, ווי אזוי די רעליגיאָנען האָבען דורכגעמאַכט אַלאַנגע ענטוויקלונגסגעשיכטע

פון רעליגיעזע וואנדלונגען. מיר ווילען בלויז נאָך אַמאָל דער־
מאָהנען, אז אַלע לעבענסקרעפטיגע, רעליגיעזע פאָרשטעלונגען
האָבען געביטען זייער פאָרם, בייטען איצט און וועלען געוויס
אויך בייטען זייער פאָרם אין דער צוקונפט.

און ווייטער זאָלען מיר געדענקען, אז דער אינהאַלט פון
אַלע רעליגיעזע סיסטעמען — ווי ווייט ער איז פעהיג געווען
צו בעפרידיגען זיין צייט — איז צוגעפאַסט געווען צו די רעאַלע
בעדערפנישען און ער האָט געזוכט אויסצופילען מיט פאַנטאַס־
טישע געדאַנקען און גלויבענסלעהרען יענע לעבער אין דער
מענשליכער ערקענונג, וואו דאָס מענשליכע קאוזאַליטעט־
בעדערפניש האָט פון דער וויסענשאַפט און פון לעבען ניט
געקענט ערהאַלטען קיין בעפרידיגענדען ענטפער אויף די
פראַגען: פאַרוואָס? צו־וואָס? — פון וואַנעט קומען מיר? —
וואוהין געהען מיר? — ווער זענען מיר? —

פון אַלע רעליגיאָנססיסטעמען רעדט אַרויס אַ בעוואוסטע
אָדער אונבעוואוסטע בענקשאַפט און שטרעבונג אַרויף צו, אין
דער הויך, אַ שטרעבונג נאָך אַ ווייטער-ענטוויקלונג, כדי עס
זאָל בעסער געראָטען דאָס לעבען פון דעם איינצעלנעם מענשען,
אַזוי אויך פון דעם גאַנצען געשלעכט. ניט אַלע מאָל פיהרט די
דאָזיגע בענקשאַפט און ענטוויקלונגסדראַנג אויף גלייכע וועגען.
אָפט געהט דער מענש אין זיין זוכען אַרונטער פונ׳ם ברייטען
וועג, און קריכט אויף זייטיגע וועגלעך, דאָ האָט די נאַטירליכע
אָבקלייבונג געוויזען איהר גאַנצע פערטיליגונגסקראַפט. פיעל
רעליגיאָנעו זענען טאַקע אויף דעם אופן געשטאָרבען מיט אַ
נאַטירליכען טויט, און, ביי אַ געזונדער ווייטערער ענטוויקלונג
פון מענשעען-געשלעכט, וועלען נאָך אַנדערע רעליגיאָנססיס־
טעמען אָבשטאַרבען און געראָבענט ווערען אונטער די טויטע.
מעהר פון אַלץ וועט דאָס יענע רעליגיאָנען טרעפען, וועלכע

זעהען זייער הויפט אינהאַלט אין טרוקענע דאָגמען, אין פער־גליווערטע מצוות און הערען אויף ווייטער צו ענטוויקלען. דאָס וועט טרעפען אַלע יענע רעליגיאָנען, וואָס זייערע לעהר־זאַצען שטעהען אין אַ גראַדען היפוך צו דער ערקענונג פון די אייביגע נאַטור־געזעצען. אַלע דאָגמען פון וואָס פאַר אַ רעליגיאָנססיס־טעם עס זאָל ניט זיין, וועלכע שטעהען אין אַ קאָנפליקט, אין אַ סתירה מיט די רעאַל-וויסענשאַפטליכע ערקענונגען, טראָגען דעם טויט אין זיך אַליין. פריהער אָדער שפּעטער וועלען זיי פערשווינדען פון דער מענשליכער געדאַנקען־וועלט, אָדער זיי וועלען ווייטער פיהרען נור אַ שיין־לעבען פון באָבע־מעשיות און לעגענדען.

דאָס וועט זיין דער גורל פון דעם דאָגמאַט פון „תחית־המתים״ און „השארת-הנפש״. אויך פון דעם דאָגמאַט פון אַ מענשען־עהנליכען גאָט, וועלכער קען נאָך זיין וואויל געפעלען צושטערען דורך אַלערליי וואונדער די אָרדנונג אין דער נאַטור און אין דעם וועלט-אַל.

ביי אַלע ביז איצטיגע רעליגיאָנסלעהרען שפּיעלט די הויפּט־ראָלע די פערעהרונג פון דאָס אונבעקאַנטע אין דער לעהרע פון איין גאָט אָדער פון אַ סך געטער, די אידעע: „עס איז דאָ איין גאָט״ אָדער: „עס זענען דאָ אַ סך געטער״, אָט די הויפּט־לעהרע פון אַלע ביז איצטיגע רעליגיאָנס־סיסטעמען איז אייגענטליך ניט מעהר ווי דער דונקעלער, טרוימערישער ענטפער אויף די טיעפסטע פראַגען פון אונזער נאַטירליכער דענק-פעהיגקייט, אַ פלאַמענדער בליץ פון דער אונבעפרידיגטער קאַוזאַליטעטסבעדערפניש, וואָס ברענט אָהן אַנ׳אויפהער דאָס געהירן פון יעדען דענקענדען מענשען. וואָלט דער מענש פון אָנהויב אָן געהאַט די פעהיגקייט זיך צוגעבען פערנינפטיגע, ד. ה. נאַטור-מעסיגע ענטפערס אויף אַלע פראַגען פון זיין וויסען

דורשטיגען געהירן,— דעמאָלט וואָלט די גאָט־אידעע גאָר קיינמאָל ניט געהאט קיין פלאַץ אין אונזער געדאַנקען־וועלט. עס וואָלט אין דעם פאַל היינט ניט געווען: ניט אַזעלכע, וואָס גלויבען אין אַ גאָט, און ניט אַזעלכע, וואָס לייקענען איהם אָב. עס וואָלט דעמאָלט ניט געווען קיין מאָנאָטעאיסטען (איין־גאָט־גלויביגע), ניט קיין פּאָליטעאיסטען (פיעל־געטער־גלויביגע) און ניט קיין אַטעאיסטען (גאָט־לייקענער), ווייל קיין פאַנטאַזיע וואָלט קיינמאָל ניט נויטיג געהאט זיך צו בעשאַפען אַ גאָט, אַ לאָך־פערשטאָפער פאַר אונזער אונוויסענהייט!

מוז דען אָבער אויך אין דער צוקונפט אַלץ זיין אַזאַ מין לאָך־פערשטאָפער? און ווען יאָ, מוז דען אָט דער לאָך־פערשטאָפער גראַדע הייסען „גאָט״?—

מיר מענשען זענען ניט אַל־וויסענד! „אונזער וויסען איז נור אַ פערלאַטעטע ארבייט״, זאָגט שוין דער אַפּאָסטעל! און קיינער פון אונזערע נאַטור־פאָרשער וועט דאָס ניט אָבלייקענען. מיר האָבען נור אָנגעהויבען צו דערפאָרשען נאַטור און וועלט־אַל אין דעם זין פון אַ פערלאַנגען נאָך אַנ׳ערקענונג פון אורזאַך און ווירקונג, און מיר האָבען שוין עטוואָס דערקענט: די געזעצען פון דער אָרדנונג אין דעם וועלט־געשעהן, און אַלע קרעפטען און בעוועגונגען פון דער נאַטור! אין אַנדערע פראַגען איז אונזער קאוזאַליטעטס־בעדערפניש בעפרידיגט געוואָרען אין דער האַרטער בעמיהונג פון דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג. איך זאָג: מיר האָבען אָנגעהויבען צו ערקענען, מיר האָבען אָנגעפאַנגען צו וויסען, און מיר האָבען דערביי — אונזער גלויבען פערלאָרען!

מיר ווייסען בעסער ווי פריער, ווי שוואַך עס איז אונזער וויסען און ערקענען. מיר ווייסען אָבער אויך צוגלייך נאָך עטוואָס. נעמליך, אַז די לאָך־פערשטאָפערס פון אַלע ביז איצטיגע רעליגיאָנס־סיסטעמען האָבען אונז קיינמאָל ניט געקאָנט בעפרידיגען,

ווייל זיי זענען פאנטאזיע בילדער, וועלכע זענען סותר יעדער פערנונפט, וועלכע שפאָטען פון יעדער נאטירליכער אָרדנונג.

דער גאָט פון מאָנאָטעאיסטישען קריסטענטום און פון יודענטום און פון מאָהאמעדאנערטום — איז אונז אין דער אלץ גרעסער און שטארקער ווערנדיגער וויסענשאפטליכער ערקענונג — געשטאָרבען!

און דאָך זענען די לעבער אין אונזער וויסען נאָך אָפען ווי געוועזן!

דעריבער פיהלען מיר אין זיך אזא גרויסע אונרוה, אזא גרויסע אונאנגענעהמקייט. דאָס אונבעפרידיגטע קאוזאליטעט־בעדערפניש, אָט דאָס אָנגעבאָרענע, נאטירליכע, אימער וואקסענדע פערלאַנגען נאָך פולער ערקענונג, דער מעכטיגער וואונש גליקליך צו זיין, לעבט אין אונז ווייטער אונבעפרידיגט און ווערט אלץ גרעסער פון טאָג צו טאָג. דער נאָמען „גאָט" איז אונז היינט קיין ענטפער ניט מעהר אויף די טויזענדער פראגען, וועלכע שטויסען זיך אויף אונזערע ליפען מיט'ן וואָרט „ווארום". דער „גאָט" פון דער קירך, דער גאָט פון אלע מאָנאָטעאיסטישע רעליגיאָנען איז נור געווען א „בעהעלפער אין דער נויט", וואָס ווייטער מיר לעבען, אלץ מעהר דערקענען מיר זיין שוואכקייט. וואָס מעהר די וויסענשאפטליכע פאָרשונג דרינגט אריין אין די געזעצען פון דעם נאטור־און וועלט־געשעהן, אלץ ווייניגער בעפרידיגט אונז די אלטע פאָרשטעלונג פון גאָט. אלע מעלות, וואָס מען האָט פאָעטיש צוגעשריבען אָט דעם גאָט, האָבען זיך ארויסגעוויזען פאר מענשליכע געהירן־פאנטאזיעס:

גערעכטיגקייט! — — וואו?... ביי אזוי פיעל אונגערעכטיגקייט!

רחמנות! — — וואו?... ביי אזוי פיעל גרויזאמע מעשים!

גאָט'ס אל־מאכט! — — וואו?... ביי דער אייזערנער

הערשונג פון די נאַטור-און וועלט-קרעפטען, וועלכע מיר מענשען מעסטען און וועגען און קענען שוין צום טייל אויך בעהערשען!

גאָט׳ס ליעבע! -- --- וואו?... ביים גאָט, וועלכער האָט נאָך דער לעהרע פון דער קירך, געשיקט אויף דער וועלט זיין איינענעם זוהן, כדי ער זאָל די גאַנצע אונגליקליכע מענשהייט אויסלייזען פון גאָט׳ס צאָרן דורך זיין אייגענע בלוט!

גאָט, -- גן-עדן, -- די ערשטע זינד, -- גאָט׳ס איבערבעטונג דורך בלוט! דאָס אַלצדינג צו גלויבען האָבען מיר זיך שוין אָב-געוואוינט, און אויך דער פאַנטאַסטישער גלויבען אין א „יענע וועלט" איז אונז פערלאָרען געגאַנגען.

אָט אזוי האָבען מיר פון דער לעהרע פון דער קירך גאָר נישט צו דערוואַרטען! די קירך האָט אונז ניט געקאָנט ערלייזען, אדרבה זי האָט אונז נאָך אויפגעהאַלטען אויפ׳ן וועג פון דער ווייטערער ענטוויקלונג; אין א משך פון א סך, א סך יאָהרהונ-דערטען האָט זי זיך פיינדליך געשטעלט געגען יעדען פאָרטשריט אין נאַטור-וויסענשאַפטליכע זאַכען. הונדערטער בלוט-עדות זענען גוטע בעווייזען פאַר די פיינדשאַפט פון דעם קירכען-גלוי-בען געגען יעדע פערנונפט.

און אַז דאַרווין איז געקומען! -- ווי האָבען זיך דאָס אויף די פיס געשטעלט די היטערס פון אַלע קירכען, ארויסצוווייזען זייער גראָבע שנאה און פערפאָלגונגס-זוכט צו די מענער פון דער וויסענשאַפט! אָט אזוי געהט עס ביז אויף היינטיגען טאָג!

אָט די קירך האָט זיך אַמאָל אָבגערעכענט מיט קאָפּער-ניק׳ן און גאַליליי׳ן; זי הויבט איצט אָן, אויך מיט דאַרווינ׳ען זיך אָבצורעכענען. -- דורך די קירך איז אָבגעהאַלטען געוואָרען דער פאָרטשריט אין ערקענען אין פאָרשען. זי האָט פערגליווערט די מוחות אויף גאַנצע יאָהר-הונדערטען.

אָט די זעלביגע קירך, ווי ס׳איז בעקאַנט, וויל אויך גאָר

נישט וויסען פונ׳ם סאָציאַליזם. זי איז אַלע מאָל געשטאַנען ביי דער זייט פון דעם געלד-גאָט מאַמאָן! דעריבער קעהרען מיר זיך אַלע אָב פון איהר!

אונזער רעליגיאָן וועט דעריבער ניט שטאַרבען. פער-קעהרט: זי וועט נאָך מעהר לעבען; ווייל די רעליגיאָן אין אונ־זער זין קאָן קיינמאָל ניט שטאַרבען. ווייל אונזער רעליגיאָן איז אַ טרייבענדער פאַקטאָר אין דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער מענשען־ראַסע, ווייל זי איז אַ הייליגע פרייד איבער די ערקענונג פון אַ וויסענשאַפטליכער וואַרהייט, אַ פערלאַנג, וואָס ווייס קיין רוה ניט, אַ בעשטענדיגע בענקשאַפט נאָך נייע ערקענונגען און נאָך נייע מעגליכקייטען פון אַ גליקליכערער, פאָלקאָמענערער אַרט לעבען אום צו דיענען אַלץ וואָס איז וואַהרהאַפטיג, גוט און שען.

אָט דאָס איז אונזער רעליגיאָן!

איהר הויפט־אינהאַלט איז: זיך אַליין צו דערלייזען פון דער שטיק חיה, ויעלכע מיר האָבען מיטגענומען אויפ׳ן וועג נאָך אויף אַ רעכט לאַנגע צייט, וועלכע מיר האָבען בעקומען בירושה נאָך גאָר פון אַמאָל, פון דור דורות, לויט דער נאַטור׳ס פער־ערבונגס־געזעצען; זיך צו בעפרייען דורך בעוואוסטזיניגע ערקע־נונג און אויפצוהויבען זיך פון דער ניעדער־גקייט צו דער זוניגער לעבענס־הויכקייט.

וועלען מיר אָבער געפינען אַנ׳אינערליכען פריעדען? וועלען מיר געפינען אָהן אַגלויבען, אָהן אַ גאָט, יענע גליקזעליג־קייט, וועלכע זאָל פערנעהמען דעם אָרט פון דער גליקזעליגקייט, וואָס מיר האָבען געפיהלט לעבענדיג מיט אַ קינדערשען, נאַאיוועז גלויבען אין איבערנאַטירליכע קרעפטען, מיט אַ גלויבען אין אַנ׳איבערוועלטליכער און הימלישער מאַכט?

דאָס איז פאַר אונז זעהר אַ וויכטיגע פראַגע! דען די

פראַגע נאָך גליקזעליגקייט איז אונז אַלעמען נוגע, יעדען איינצעלנעם פון אונז, אַ מאַנסביל ווי אַ פרויענצימער. מיר מוזען געבען אויף איהר אַנ׳ענטפער. יעדער מענש בענקט נאָך גליק, נאָך אַנ׳אינערליכען פריעדען, און יעדער קוקט אַרום זיך פרעגענדיג, זוכענדיג: ,,וואו געפין איך אָט דעם גליק, אָט דעם פריעדען פאַר מיין אינערען, אָט די רוהיגע האַרמאָניע, נאָך וואָס איך שטרעב?״ די אַלטע יסודות, אויף וועלכע מיר האָבען בעקוועמליך געשלאָפען, האָבען אָנגעהויבען זיך צו שאָקלען אונטער אונז אין היינטיגער צייט, און אַ גרויסער אונרוה הערשט אומעטום. די גאָט־גלויביגע ווערען פון טאָג צו טאָג ווייניגער, און די צווייפלערס אין גאָט און אין אונשטערבליכקייט ווערען פון טאָג צו טאָג מעהרער. און יעדער דור, וואָס ווערט אַריינגעזעצט אין אָט דער וועלט פון אונרוה און צווייפעל, פערלאַנגט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער נאָך פאָלקאָמענערע גליקזעליגקייט. די קירך האָט בעוויזען אין אַ צייט פון צוויי טויזענד יאָהר, אַז איהרע לעהרען זענען ניט אימשטאַנד צו געבען דער מענשהייט די געווינשטע רוה.

עס קען ניט זיין קיין גרעסערער קאָנטראַסט, ווי דער וואָס עקזיסטירט צווישען די לעהרען פון דער קירך פון איין זייט און די פאָרשונגס־רעזולטאַטען פון דער נאַטורוויסענשאַפט פון דער אַנדערער זייט. מיר וועלען דאָס בעווייזען:

אַמאָל זענען ניט געווען קיין מענשען אויף אונזער ערד, נו, לערנט די קירך, צייט טויזענדער יאָהרען, אַז דער מענש איז גאָר פלוצלונג דורך אַ מאַכט־שפּרוך פון גאָט אַריינגעטראָטען אין לעבען. די קירך לערנט אונז, אַז דער מענש איז אין אָנהויב געווען אַ פאָלקאָמענע בעשעפעניס, ניט געוואוסט פון קיין זינד און ערשט דורכ׳ן חטא פון דעם ,,עץ הדעת״ איז ער אַריינגעפאַלען אין פערדאָרבענהייט און פערלאָרען גאָט׳ס גענאָד.

די נאַטור וויסנשאַפט לערנט אונז דוקא דעם הפך: ניט פלוצלונג איז דער מענש אריינגעטראָטען אין לעבען, נאָר ביסלעכווייז איז ער פון אַטיערישען וועזען, פון אַ נידריגער בריאה, אַ העכערע בריאה געוואָרען. ניט מיט אַ פאַלקאָמענעם, ניט מיט אַ פעהלער־פרייען הויבט זיך אָן די געשיכטע פון דער מענשהייט, נאָר מיט דעם אונפאַלקאָמענעם, מיט דער מענשען־חיה.

די קירכע לערנט אונז אַלס פועל־יוצא פון דעם „ערשטען חטא" אריקווערטס־ענטוויקלונג, אז די מענשהייט געהט צוריק. די נאַטורוויסענשאַפט, פערקעהרט, לערנט, אז די ענטוויקלונג פון דער מענשהייט געהט פאָרווערטס, שאַפענדיג אימער העכערע, שענערע פאָרמען פון לעבען.

וואו די קירכע פרעדיגט פערצווייפלונג, דאָ לערנט די נאַטורוויסענשאַפט פריידיגעם צוטרויען און האָפען אויף צו־קונפטיגע גליקזעליגקייט שוין דאָ, אויף דער וועלט, אין אונזער ערדישען לעבען און ניט אויף יענער זייט קבר.

דאָס איז אַ נייער עוואַנגליאום, אַן עוואַנגליאום פול מיט טרייסטענדער קראַפט און מיט האָפנונג. ניט קיין בבא-מעשיות, ניט קיין צויבער־ליעדער, נאָר געוויסהייט. און דאָס איז געוועזן דער לעבעדיגער קערן פון אונזער גערייטערטער רעליגיאָן! אָט די געוויסהייט אין פראָגרעס, אַלס אַן אונפערמיידליכען געזעץ, אָט דאָס נייע עוואַנגליאום פון פראָגרעסיווער ענטוויקלונג איז אַ נאַטור־געזעץ פון אייזערנער נויטווענדיגקייט, דאָס ווייזט אויף אַ נייעם ווענד־פונקט אין דער היינטיגער רעליגיאָנס־לעהרע, וואָס רופט אַרויס אומעט און צווייפעל. אָט דאָס עוואַנגליאום, וואָס רעטעט אונז פון פערצווייפלונג, איז דער רעזולטאַט פון אונזער ערקענען די נאַטור. פריהער האָט גע־הערשט דער אונגליקליכער טעות, דער דואליזם, דער גלויבען,

אַז עס זענען דאָ צוויי וועזענס: די וועלט און גאָט אָדער מאַ־
טעריע און גייסט, אַ בעשעפעניש און אַ בעשעפער. פאַר דער
וויסענשאַפט עקזיסטירט היינט מעהר ניט קיין צוויי וועזענס,
נאָר איין איינציגעס, אַלעס ארומנעהמענדעס, אייביגעס, אונ־
צערשטערבאַרעס וועזען, וואָס געפינט זיך אין אייביגער בעווע־
גונג, און די בעוועגונג ווייזט זיך ארויס אונז אין געשטאַלטען,
אין פאָרמען, וואָס בייטען זיך, וואָס ענדערן זיך אָהן אַנ׳אויפ־
הער. אין איהם, אין אָט דעם וועזען לעבט און בעוועגט זיך אַלץ,
אין איהם ווערט כסדר אַלץ בעשאַפען און צעשטערט. און דאָס
אַלץ ווערט געשעהן נאָך אייביגע געזעצען, וואָס קיין „גאָט" און
קיין „טייוועל" קען זיי ניט איבערמאַכען. אַלע צווייגען פון
אונזער נאַטור-וויסענשאַפטליכער פאָרשונג ווייזען אין דער
דאָזיגער ריכטונג אויף דעם סוד פון אַלע סודות, אויף דעם
גרונד־וועזען פון דעם גאַנצען „זיין". מיר האָבען שוין פערגעסען
צו פרעגען וועגען אַ גאָט און געטער. מיר ווילען נאָר וויסען די
אָרדנונגען, די געזעצען פון דעם געשעהן אין נאַטור און וועלט־
אַל, און ווען אונז גיט זיך איין צו ענטדעקען אין אָט דער מלוכה
פון דער גרויסער איינהייט אַ נייעם געזעץ, אַ נייע אָרדנונג,
פיהלען מיר זיך דאַן אין בעזיץ פון אַ נייעם אמת, אַ טריט
נעהנטער צו יענער איינער גרויסער וואַרהייט, וואָס נעהמט
אריין אין דער לעצטער אינסטאַנץ דעם איינציגען גרויסען בע־
וועגונגס־געזעץ אין אַלץ וואָס איז דאָ. אָט פאַר דער איינער,
גרויסער וואַרהייט, וואָס מיר בענקען אזוי שטאַרק זי צו דער־
פאָרשען, האָבען מיר קיין נאָמען ניט. מיר, זוכענדע און פאָר־
שענדע, רופען זיך „מאָניסטען", ד. ה. אָנהענגער פון דער
איינהייטס־לעהרע, וואָס נאָך איהר איז אַלץ, וואָס ס׳איז דאָ אין
דער נאַטור און אין וועלט־אַל, נאָר איין אונצעטרענבאַרעס
גאַנצע, וואָס געפינט זיך אין אייביגער בעוועגונג,— און מיר

מענשען זענען נאָר א טייל פון איהם, וואָס וועט אפשר אמאָל פעהיג זיין משיג צו זיין דעם גאַנצען צוזאַמענהאַנג, צו דערקענען דעם „אחד״, דעם אל־איינעם.

נו, וועט מען פרעגען: „וואו ליגט אָבער די מאָראַליזי־רענדע קראַפט פון אָט דער נייער רעליגיעזער וועלט־אַנשויאונג? קענען מיר, אין אַזא רעליגיאָן, וועלכע איז בעגרינדעט אויף ערקענונג אין שכל, אויך געפינען נייע קרעפטען און אָנטרייבונ־גען צום גוטען? זענען אויך דאָ פאַראַנען הויכע אידעאַלען, וואָס זענען פעהיג און ווערט אָנצופילען אונזערע נשמות מיט בעגייס־טערונג, וואָס קאָנען אונז אויפמונטערן צו העלדען־מעשים?

מיר ענטפערן: פון יעדער וועלט־און לעבענס־אַנשויאונג, וואָס איז געבויט אויף ערקענען די געזעצען פון דער נאַטור און וועלט־אַל, קענען געבאָרען ווערען נור מעכטיגע מאָראַלישע שטרעבונגען.

די ענטוויקלונגס־לעהרע ווייזט אונז, אין דער געשיכטע פון דער פלאַנצען־און טיר־וועלט, ווי אויך אין דער געשיכטע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, די זיגענדע קראַפט פון אַלץ, וואָס איז בעסער און פאָלקאָמענער, אָבער צוגלייך אויך דעם אונטערגאַנג פון דעם, וואָס איז שלעכטער, שוואַכער, פויל און אונפאָלקאָמען. דערפון קומט אַרויס קלאָר פאַר יעדען פער־נונפטיגען מענשען אַן אָנרעגונג פלייסיג צו שטרעבען צו אַלץ, וואָס איז העכער און בעסער.

צו די אַלטע האָט מען געזאָגט: „נאָר דורכ׳ן גלויבען קאָן מען גליקזעליג ווערען!״ אָבער גיט נור א קוק! דורכ׳ן גלוי־בען זענען די גלויביגע ניט געוואָרען גליקזעליג, דערפאַר אָבער פויל; און דורכ׳ן גלויבען איז די קירכע געוואָרען שוואַך און מאָראַליש קראַפטלאָז.

מיר אָבער זאָגען צו אונזערע קינדער: „גלויבט ניט! נאָר

מאַכט אייערע אויגען אויף און לערנט ערקענען, לערנט וויסען! דערקענט די געזעצען, נאָך וועלכע אַלץ ווערט געשעהן אין דער נאַטור, און איהר וועט וואַקסען אין קערפּער און אין גייסט! זייט אונערמידליך אין אייער שטרעבונג צום אמת, און גוט וועט איהר זיין און וואויל וועט אייך זיין, און פרייד וועט איהר געניסען פון דעם, וואָס גוט איז און שען איז".

אָט דאָס איז די מאָראַלישע זייט פון אונזער פערנונפט־גלויבען און די נייע מאָראַל פון דער ענטוויקלונס־לעהרע וועט שטאַרקער זיין ווי די אַלטע, ווייל זי גיט לוסט צום לעבען, און די אַלטע מאָראַל האָט איינגעפּלאַנצט האַס צום ערדישען לעבען. אַלץ האָט מען צוגעזאָגט אויף יענער וועלט. די זיטליכע לעהרען זענען געווען אונדערגרייכבאַר הימעל־הויך.

— דו זאָלסט ניט מאָרדען! — לערנט די קירכע. און וואָס זעהען מיר? גאַנצע יאָהרהונדערטען פיהרען די קריסטען בלוטיגע מלחמות, בעגעהען מאַסען־מאָרד אין גאָט׳ס נאָמען, און זיי טוען נאָך תפלה צו גאָט, ער זאָל זיי געבען הצלחה, אַז זיי זאָלען קענען וואָס מעהר מענשען מאָרדען און וואָס מעהר פיינד פערטיליגען. וואָרזשע איז דאָ די מאָראַל? די עטיק, וואָס איז כלומרשט געבויט אויף ליעבע און פערגעבונג? מיר זעהען דאָ צוויי פּנים׳ער, פאַלשקייט, צביעות, חניפה, פון אויבען ביז אונטען ווי אין דער קירכע, אַזוי אין דעם שטאַאַט, (מדינה) אין זייער גאַנצען וואַנדעל און האַנדעל!

אָ! ס׳איז שוין באמת צייט, אַז מיר זאָלען זוכען נייע מאָראַלישע וועגען, כדי מיר זאָלען קענען בעוועגען זיך פאָרווערטס! און מיר זענען שוין צוגעטראָטען צו דער אַרבייט צו בויען אָט די נייע וועגען: די קירך־רעליגיאָן איז פאַר אַ סך, אַ סך מענשען שוין לאַנג אַ טויטע זאַך. דאָס רעליגיעזע בעדערפניש אָבער האָט ערוואַכט און איז איבערגעגאַנגען פון אַ צושטאַנד

פון דרעמעל אין אַ נייעם צושטאַנד, צו אַ נייעם קראַפטיגען לעבען, און ער האָט שוין פאַר אונז ענטדעקט נייע אינהאַלטען. נייע ענטפּלעקונגען זענען מיר דערגאַנגען: די ענטפּלעקונגען פון אַ נייער נאַטור-ערקענונג. אין אַלע לעבעדיגע ברואים, וועלכע זענען אין צייט פון יאָהר־טויזענדען ענטשטאַנען אויף אונזער ערד, און אין דער מלחמה פאַר׳ן לעבען האָבען זיי זיך ענטוויקעלט און פערפאָלקאָמט; אין אַלע זעהען מיר פאָרטשריט און פערפאָלקאָמענונג. אָט די ענטפּלעקונג פון דער ענטוויק־לונגס־לעהרע וועט דער לעבעדיגער אינהאַלט זיין פון יעדען געזינדען, רעליגיעזען געפיהל אין דער נייער מענשהייט.

וואָס פאַר אַן׳אַנדער פּנים האָט פאַר אונז נעקראָגען די נאַטור און דאָס וועלט־אַל! אַלץ וואָס לעבט איז מיט אונז פערוואַנדט. פלאַנצען און חיות, אַלץ וואָס אָטעמט, דאָס אַלץ זענען אונזערע ברידער און שוועסטער.

דער אָדלער, וואָס טראָגט זיך אין דער לופטען הויך איבער אונז, דער לייב, וואָס לויערט אויף רויב אויפ׳ן ריזיגען פעלד אין דעם זאַמדיגען מדבר.

דער אייכען־בוים וואָס הייבט זיך אויף דער הויך אַרויס איבער דעם טויזענד־שטעמיגען וואַלד, די סאָסנע אויפ׳ן פעל־זיגען באַרג, די לאָטאָס־בלום ביים הייליגען גאַנגעס־שטראָם, די בלענדענדע וואַסער־רויז אין אונזערע שוואַרצע טאָרף־זומפּען, — אַלע, אַלע בעשעפּעניששען זענען מיט אונז פערוואַנדט! אַלץ וואָס לעבט איז מיט אונז איין וועזען! און אַלע לעבעדיגע ברואים ווירקען און שאַפען די גלייכע קרעפטען ווי אין אונז אַליין. אין אַלע לעבעדיגע וועזענס די זעלביגע קרעפטען און שטאָפען, ווי אין דער אַזוי גערופענער טויטער נאַטור: אין פליסענדען וואַסער, אין בלויען ים, אין בלישצענדען קריסטאַל, אין דער לאַווא — די צעשמאָלצענע פייער־מאַסע — פונ׳ם

קראַכענדען וואולקאַן, — די זעלבינע קרעפטען ווי אין אונז אַליין, ווי אין אַלץ וואָס עס קריכט און פליהט, וואָס עס שטעהט און געהט, וואָס עס רוהט און בעוועגט זיך, — אין אַלץ, אין אַלץ, דאָ אויף אונזער קליינעם פּלאַנעט, און אויך דרויסען אין וויטען וועלט-אַל מיט זיינע מיליאָנען שטערן.

אַלץ, וואָס עקזיסטירט, איז מיט אונז פערוואַנדט אין וועזען און קראַפט. איין איינציגער באַנד פערבינדט אונז אַליין מיט דער נאַטור און מיט דעם גאַנצען וועלט-אַל. דאָס איז דער פריידען-רוף פון אונזער ערקענונג! דאָס איז דער הויפּט-אינ-האַלט פון אונזער רעליגיאָן!

פון דייטש ח. שוים.



## עלען קעי

# רעליגיאָן אין דער שולע.

דער אונטעררי‏כט פון רעליגיע אין דער שול, אפילו לויט די בעסטע מעטאָדעס, ברענגט די קינדער בלויז שאדען.

די קינדער דארפען אליין, זעלבשטענדיג, זיך צוגעוועהנען, ריכטיגער, צונויפלעבען זיך מיט דער פאטריאכאלישער ביב־לישער וועלט. דער תנ״ך קען ווערען נאהענט און טייער דעם קינד, עס קען אין איהם געפינען אסך אזוינס, וואָס גיט זיין פאנטאזיע און זיין געפיהל דירעקטע, גייסטיג־לעבעדיגע שפייז, אָבער נאָר אין דעם פאַל, אויב מ׳וועט איהם, דעם קינד, געבען די מעגליכקייט, רוהיג צו פערטיעפען זיך אין לייענען דעם תנ״ך, אָהן שום דאָגמאטישע און פעדאגאָגישע פירושים. די ביבעל דארף געלייענט און דערקלערט ווערען בלויז פון דער היימי־שער סביבה, אָהן קונצען און אויבער־המצאות, אויב דאָס קינד אליין פערלאנגט די ערקלערונגען, אָבער דאָס דארף מען קיינמאָל ניט טון אין דער שול.

אז דאָס קינד וועט אויף אזא אופן דירעקט פון תנ״ך אויפנעהמען די איינדרוקען, וואָס זענען פריי פון יעדערליי אויסוויינינגסטע מוסר־השכל׳ים, אויסער די אינעווייניגסטע, וואָס ווערען ארויסגערופען פון די איינדרוקען גופא, דאן וועלען די ספורים פון תנ״ך ניט קומען אין קיין סתירה מיט די איבעריגע למודים, על כל פנים פונקט אזוי ווייניג, ווי די אוראלט־דייטשע

לעגענדעס וועגן בריאת העולם און די גריכישע מיטען וועגן די געטער.

אָבער דער גרעסטער און פּאר דער מענשהייט דער געפערליכסטער פעהלער פון דער היינטיגער ערציהונג איז דאָס, וואָס מען גיט איבער די קינדער ווי אַן׳אבסאָלוטען אמת די ביבלישע ערקלערונג פון בריאת־העולם, וואָס איז לגמרי סותר דאָס, וואָס דאָס קינד הערט וועגן דעם אויף די לעקציעס פון נאטורוויסענשאפט און אַלגעמיינער געשיכטע. מ׳לעהרנט די קינדער, אז די מאָראל פון דער ביבעל איז אַן׳אבסאָלוטער חוב פאר אַלעמען, סיי אָרים, סיי רייך, און אין דערזעלביגער צייט זעהט דאָס קינד פון זיינע ערשטע לעבענס־טריט אָן, שטענדיג און אומעטום, ווי די דאָזיגע מאָראל ווערט געטראָטען מיט די פיס. ווייל די גאנצע אינדוסטריעלע און קאפּיטאַליס־טי׳שע געזעלשאפט איז געבויט אויפ׳ן פּראקטישען געבאָט: „אדם קרוב לעצמו״ — די אייגענע העמד צום לייב איז נעהענ־טער, — וואָס איז אינגאנצען סותר דעם געבאָט פון דער תורה: „ואהבת לרעך כמוך״, — זאָלסט ליעב האָבען דעם צווייטען ווי זיך אליין.

די אויגען פון קליינע קינדער זענען אין דעם פאַל, פונקט ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלען, נאאיוו אויפמערקזאם. פון זייערע צארטסטע פריהעסטע יאָהרען אָן קוקען זיי זיך צו, צי לעבען די אָרומיגע לויט דער רעליגיעזער מאָראל, צי ניט. זיי בעמערקען די ערשטע די סתירות צווישען דעם לעבען פון זייערע ערציהער און צווישען די הויפּט־עקרים פון דער רעליגיע. קיין טאטע־מאמע ועלען, דאכט זיך, ניט דערלאָזען, זייערע קליינע קינדער זאָלען אוועקגעבען די שפּיעלצייג זייערע, אָדער נאָך ערגער, די בגדים׳לעך אַ וואָסער עס איז אָרימען קינד. די הויכע רעליגיעז־מאָראַלישע פּרינציפּען ווערען בעזיגט פון די נידעריגע לעבענס־

פּראַקטישע. דאָס קינד לערנט זיך אויס צו טראַכטען, אַז די גרויסע פּרינציפּען זענען בלויז ווערטער, דאָס ווירקליכע לעבען אָבער — איז עפּיס אַנדערש.

די סכנה ליגט ניט דעריין, וואָס דער אידעאַל פון דער רעליגיע איז צו הויך. דער בעגריף אידעאַל גופא ענטהאַלט שוין אין זיך אַ פאָרשטעלונג וועגען ניט דערגרייכבאַרקייט, וואָרום דער אידעאַל ווערט אַלץ העכער, וואָס נעהענטער מיר קומען צו איהם. אָבער דאָס ערגסטע איז׳ם רעליגיעזען אידעאַל בעשטעהט דעריין, וואָס מ׳גיט איהם אונז אַלס אַן אַבסאָלוטען אידעאַל, וואָס העכער איז שוין ניטאָ, בעת יעדער מיטגליד פון דער מענשליכער געזעלשאַפט טוט נאָר און בעליידיגט איהם און איז עובר אויף איהם טאָג פאַר טאָג דאָס גאַנצע לעבען. פון דער צווייטער זייט, דערגעהט דאָס קינד פון די רעליגיאָנס־לעקציעס, אַז דער מענש איז אַ זינדיגע און אַ געפאַלענע בריאה, וואָס דאַרף גאָר ניט קלערען וועגען דערגרייכען דעם אידעאַל, בעת די גאַנצע מעגליכקייט און די האָפנונג פונ׳ם מענשען אויף אַן ערליכען און אמת׳ן לעבען אויף דער ערד און אויף אייביגען גליק אין גן־עדן איז געגרינדעט נאָר דערויף, דעם אידעאַל יע צו דערגרייכען.

דורות נאָך דורות האָבען געזעהען, ווי דער אידעאַל פון גלויבען האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערפלאָנטערט אין דעם דאָזיגען נעץ פון ניט־פערענטפערטע סתירות, און דעריבער האָט זיך יעדער נייער דור צוגעוועהנט צו בעציהען זיך ניט ערנסט צום דאָזיגען אידעאַל.

די מענשען לעבען שוין לאַנג ניט לויט זייערע איבערציי־גונגען, זיי האַנדלען אָפט מיט זייער געוויסען. די מאָדע — דאָס איז דער אָבגאָט, צו וועמען זיי זענען מקריב זייערע איבערציי־גונגען, זייער געוויסען, זייער לעבען. די ריינע רעליגיאָזיטעט

איז שוין לאנג פערשוואונדען. די רעליגיע האט פערלארען איהר אינהאלט. זי איז געווארען א מצוות אנשים מלומדה, א געוועהנ־הייט, אהן א טעם און אהן א זין, און סוף כל סוף גאר א מאדע־זאך. אנ׳אטעאיסט, א כופר בעיקר איז אפט מקיים אפילו א סך קלייניגקייטען פון דת צוליעב „שטאאט״, צוליעב „אנשטענ־דיגקייט״, אדער פשוט ווייל אלע טוען אזוי, און „מדארף ניט זיין קיין יוצא מין הכלל״. דער רעפובליקאנער, דער דעמאקראט טוט טאג־טעגליך אב מעשים, וואס זענען לחלוטין קעגען זיינע איבערצייגונגען, קעגען זיין געוויסען. זיי אלע פערענטפערען דאס מיט די ארומיגע בעדינגונגען, מיט דער סביבה, וואס אין איהר לעבען זיי און וואס איבער איהר בעמיהען זיי זיך גאר ניט אויפצוהויבען זיך. זיי קאנען ניט ברענגען דעם קלענסטען קרבן דעם גאט, וואס אין איהם גלויבען זיי, דערפאר אבער ברענגען זיי טאג־טעגליך שרעקליכע קרבנות די אבגעטער, וואס אין זיי גלויבען זיי לגמרי ניט.

און די אונשולדיגע נשמה פון קינד איז דער ערשטער און דער גרעסטער קרבן. אזא פאלש לעבען פון די עלטערן דע־מאראליזירט, פערדארבט אויף אייביג די נשמה פון זייערע קינדער.

אין דער היים, אין דער מיטעלשול און אין דער הויכשול, אין מיליטער־דיענסט און אין יעדען דיענסט ווערט פראפאגאנ־דירט און דורכגעפיהרט א שטרענגע „דיסציפלין״, וואו די זעלבשטענדיגע פערזענליכקייט ווערט פערשקלאפט און דער־שטיקט. די „פרינציפען״ פון „ניט אויסזאגען פון חדר״, פון „געטריישאפט דעם חוב״, וואס מ׳פליסט דארטען איין, צווינ־גען צו פערשווייגען די גרעסטע שווינדלערייען און מעשים תעתועים און אונטערצוגעבען זיך יעדערליי גראבער געוואלד.

דער קאטוליציזם מיט זיין יעזואיטיש־אינקוויזיטארישער

מאָראַל האָט אויפגעבראַכט קענען זיך האַלב מערב־אייראָפּאַ און אַרויס געראָפן צום לעבן דעם פרייערן רעליגיעזן פּראָ־טעסטאַנטיזם, וואָס האָט דערפרישט די אייראָפּעאישע פעל־קער. מיט דער צייט אָבער איז דערזעלבער פּראָטעסטאַנטיזם אליין מגולגל געוואָרען אין דאָס, וואָס קענען דעם האָט ער מיט הונדערטער יאָהרען צוריק פּראָטעסטירט.

נאָר דאַן, ווען אַלע מענשען וועלען ווערען „פּראָטעסטאַנ־טען" אין אמת'ן זין פון וואָרט, מענשען, וואָס ווילען ניט בעקומען זייער גרעסטען לעבענס־ווערט — זייער רעליגיע — דורך וואָסער עס איז מאַכט, בלויז דאַן וועלען זיי אין די געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע פראַגען אָנהויבען צו דערקעמפּפען זעלבשטענ־דיגקייט פאַר זיך, אָדער אַלס לעהרער און פיהרער וועלען זיי זייערע שילער און זייערע געפיהרטע אַליין איבערלאָזען די פרייהייט פון רעדען און טון, ווייל די דאָזיגע פרייהייט איז דאָס נאַטירליכע רעכט פון יעדען בירגער און מענשען, וואָס מ'קען זי פון איהם ניט אַוועקנעהמען.

אַ קולטורעל־געזונטער און גייסטיג־גליקליכער מענש דאַרף קודם כל זיין העלדענמוטיג. זיין העלדענמוט דאַרף ער אַרויס־ווייזען אין אַלץ, וואָס עס איז דאָס וויכטיגסטע און טייערסטע אין לעבען, און פריהער פון אַלץ אין קענען זיך שאַפען אין זיין גלויבען אַנ'אייגענע מיינונג, און האָבען אַ קראַפט זיין מיינונג אַרויסצוזאָגען און אַ ווילען אַ סך מקריב צו זיין פאַר איהר. און כל זמן די ערציהונג און דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען וועלען בעוואוסטזיניג ניט אַרויסרופען און ניט אויפמונטערן דעם דאָזיגען העלדענמוט, די דאָזיגע קראַפט און דעם דאָזיגען ווילען, ביז דעמאָלט וועט די וועלט פערבלייבען דאָס, וואָס זי איז: אַ פּאַראַד־פּלאַץ פאַר נאַרישקייט, גראָבקייט, געוואַלד און אייגענליעבע, אַלץ איינס, צי עס וועלען אויף דעם דאָזיגען

פאַראַדפלאַץ קאָמאַנדעווען ראַדיקאַלען אָדער קאָנסערוואַטאָרען דעמאָקראַטישע אָדער אַריסטאָקראַטישע געזעלשאַפטליכע עלעמענטען...

דאָס ערגסטע אין דער רעליגיע איז געווען די לעהרע, אַז „יצר לב האדם רע מנעוריו", אַז דער מענש איז פון דער נאַטור שלעכט און זינדיג, אַז „קיין מענש קען ניט גערעכט זיין", און קען דעריבער מיט אייגענע כחות ניט דערגרייכען קיין הייליג־קייט און אייביגען גליק, און אַז נאָר אַדאַנק דעם געטליכען חסד און דעם מוחל זיין די זינד קען דער זינדיגער מענש האָבען די מעגליכקייט צו שטעלען זיך אין מעהר אָדער ווייניגער רעגולערע בעציהונגען צום לעבען דאָ אין „פאָרהויז", אויף דער ערד, און דערנאָך צו חיי עולם הבא, דאָרטען אין „פּאַלאַץ". די דאָזיגע לעהרע האָט אָבגעשטעלט דעם ענטוויקלונגס־גייסט פון דער מענשהייט אין משך פון אַ סך הונדערטער יאָהרען. ווי באַלד דער מענש קען אַליין גאָר נישט ניט אויפטון, און ווי באַלד גאָט איז אַלע מאָל אַ גוטער און איז שטענדיג מוחל אַפילו די גרעסטע זינד, אויב מען האָט נאָר די ווילע שטאַרק חרטה אויף זיי און מ'בעט איהם שטאַרק, — בכן דאַרף מען נאָר טון און חרטה האָבען, בעטען וועגען סליחה, מחילה וכפרה, און דאַן וועט שוין אַלץ רעכט ווערען. אויף דעם באָדען האָט זיך ענטוויקעלט אַ צביעות'דיגע מאָראַל. בעזונדערס איז דאָס פאָרגעקומען ביי די קריסטליכע פעלקער, וואָס זענען אין משך פון ניינצעהן־יאָהר הונדערטען געווען אין עפּיס אַ פּראַקטיש־געצענדינערישער געפאַנגענשאַפט. אמת, איינצעלנע פּערזאָנען האָבען אין דער רעליגיע געשעפּט דערקוויקענדע מים חיים און האָבען דערגר־רייכט אַ גאַנץ הויכע מדרגה פון שלמות הנפש, פון מאָראַליש גייסטיגער ענטוויקלונג. די גאַנצע מענשהייט אָבער בכלל איז פון דער דאָזיגער לעהרע דעמאָראַליזירט געוואָרען. זי האָט זיך

ניט געקענט דערהויבען ביז צו דער „הויכער טיעפקייט" אין דער „טיעפער הויכקייט" פון דער דאָזיגער רעליגיאָנס־שטה, זי האָט נאָר פערשטאַנען, אַז דער זינדיגער מענש דאַרף זינדיגען, און אַז סוף כל סוף קען ער דורך „תשובה, תפלה און צדקה" זיך אויסשתדלנ׳ען „סליחה, מחילה און כפרה" אויף זיינע „חטאים, עוונות און פשעים".

אין דער מאָדערנער צייט זענען אָבער די בעוואוסטזיניגע מענשען שוין דערגאַנגען, אַז אין דער אמת׳ן איז די רעליגיע נאָר אַ פראָדוקט פון מענשליכען שאַפונגס־גייסט, און פונקט אַזוי ווי יעדע אַנדערע שאַפונג פון דער מענשהייט, האָט אויך די רעליגיע אין זיך ווייניג אַבסאָלוטען און אייביגען אמת.

אַז דער מענש וועט אויפהערען צו דערציהען אין די נשמות פון זיינע קינדער די אמונה אין דער השגחה, וואָס אָהן איהר ווילען וועט קיין האָר פון זייער קעפעל ניט פאַלען און קיין איינציגער וואָראָביי־טשיקעל וועט ניט אַראָבקולען זיך פון דאַך, דאַן וועט ער אַנשטאַט דעם בעמיהען זיך צו פערזיגלען אין דער קינדערשער נשמה אַ נייעם רעליגיעזען בעגריף וועגען דעם געטליכען צוזאַמענבונד פון די געזעצען, וואָס בעהערשען די וועלט־בעוועגונג. און אויף דעם דאָזיגען נייעם רעליגיעזען בעגריף וועט געבויט ווערען אַ נייע עטיק, אַ נייע תורת־המוסר, וואָס וועט צווינגען די גאַנצע מענשהייט פול צו ווערען מיט יראת־הכבוד פאַר דער אונפערמיידליכער אויסגעהאַלטענקייט פון דעם צוזאַמענהאַנג צווישען די סבה און פועל־יוצא,— אַן־אויסגעהאַלטענקייט, וואָס קיין חסד און רחמנות קען זי ניט אָבשאַפען אָדער פערבאָטען. די דאָזיגע איבערצייגונג וועט זיין דער אמת׳ער מורה־דרך פאַר די מעשים פון די מענשען, און זיי וועלען זיך שוין מעהר ניט פערשלעפרן מיט האָפענונ־גען אויף דער השגחה און אויף אויסקויפען זיך פון די זינד, וואָס

זאָל אָבשאַפן אָדער אומבייטען די ווירקונג, דעם רעזולטאַט.
די דאָזיגע נייע תורת־המוסר, וואָס וועט געשטיצט ווערן דורך דער ווירקליכקייט פון לעבען, קען דעריבער אין לעבען דורכ־געפיהרט ווערען. קיין איינציג געבאָט פון דער דאָזיגער מאָראַ־לישער לעהרע וועט ניט פערבלייבען קיין קול קורא במדבר.

און אין דער דאָזיגער מאָראַלישער לעהרע וועלען אָנגע־ווענדעט ווערען אויך יענע אַלע גרויסע און טיעפע בעגריפען, וואָס די גרעסטע וועלט־זשעני׳ס האָבען פראָפּאַגאַנדירט דער מענשהייט. די מענשען וועלען ווייטער שעפען פון די דאָזיגע בעגריפען מוסר און לעהרע, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, מאַטעריאַל אויף צו שאַפען, בילדען זיך אַליין, — אָבער זיי וועלען פאָלקאָם פריי אויסקלייבען פון די דאָזיגע בעגריפען יענעם בוי־מאַטעריאַל, וואָס איז גראָד צוגעפּאַסט צו יענעם סטיל, וועלכען זיי וועלען דאַן צוגעבען דער אַרכיטעקטור פון זייער אייגענער פערזענליכקייט. זיי וועלען אָבער ניט אַנערקענען די פערזענליכקייט און די אַנשויאונגען פון דעם אָדער יענעם נבי׳א אָדער דענקער אַלס אַן׳אַבסאָלוטען אידעאַל אָדער אַלס אַ שאַבלאָן, וואָס מען מוז אונבעדינגט נאָכטון.

דאַן וועט די נשמה פון קינד ניט פערפינסטערט ווערען פונ׳ם שרעק פאַר׳ן גיהנום, זי וועט זיך ניט פייניגען מיט טרערען פון חרטה אויף זינד און וועט ניט ווערען פערשמוצט פונ׳ם גראָבען רעאַליזם, אָהן אַ אי׳דעע און אָהן אַ אידעאַל. ס׳וועט ביי׳ם קינד פערשווינדען דער פעראַכטליכער אונצוטרוי, וואָס שענע פראַזען לאָזען נאָך זיך איבער, ווי עקעלהאַפטע, קאַלטע, נאַסע פלעקען פון געפּלאַצטע זייפענבלאָזען, דאַן וועלען די פעסטע גייסטער, און אויך די מיט ווייכע הערצער, וואַקסען און ענטוויקלען זיך אין אַ גליקליכען און אחריות־פולען גלויבען אין דער אייגענער פערזענליכקייט און אין די אייגענע

הילפס־קוואַלען. דער דופק פון זייער ווילען וועט נעהמען שלאָגען שטאַרקער און געזינטער. מ׳וועט זיי ניט צונויפבויגען אונטער אַ יאָך פון דערנידעריגונג, מ׳וועט זיי ניט צווינגען זיין גלייך מיט די אַנדערע. אדרבה, מ׳וועט זיי פערפעסטיגען אין דעם רעכט אַרויפצולעגען זייער אייגענעם אינדיווידועלען חותם אויף זייערע פריידען און ליידען און אויף זייערע מעשים. מ׳וועט זיי דערמאָנען, זיי זאָלען טון, וואָס פאַר זיי אַליין בעסער איז, זיי זאָלען אפילו נעהמען און זוכען זייער „גליק" אומעטום, אָבער בלויז מיט דעם בעדינג הייליג צו היטען און ניט אַריבערצוטרע־טען דעם גרעניץ, וואָס הינטער איהם הויבט זיך אָן דאָס רעכט פונ׳ם צווייטען.

אָבער כל זמן די שול און די פאַמיליע מאַכען נאָך אַלץ פשרות צווישען צוויי לגמרי סותר׳דיגע וועלט־אַנשויאונגען, איז ניטאָ קיין האָפנונג אַרויסצונעהמען פון דער אָדער יענער וועלט־אַנשויאונג עפּיס אמת גוטעס פאַר דער קינדער־ערציהונג.

איך האָב שוין איינמאָל אָנגעוויזען דערויף, אַז מ׳קען אין איין און דערזעלבער שול פעראייניגען דעם רעליגיאָנס־אונטער־ריכט און אַ געוויסען טייל ידיעות פון געשיכטע מיט דער ליעבע צו דער נאַטור. מ׳קען אין איין און דערזעלבער שול לערנען וויסענשאַפטען וועגען דעם ענטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער נאַטור און דער געשיכטע אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן רעליגיעז־היסטאָרישען אונטערריכט, וואו די יהדות און דער קריסטענ־טום דאַרפען פערנעהמען דעם ערשטען פּלאַץ. דערביי קאָן מען פערשטאַרקען און פערפעסטיגען די ליעבשאַפט פון די קינדער צו די פערזענליכקייטען פון די נביאים און צו זייער תורה, די ליעבשאַפט, וואָס איז ביי די קינדער נאַטירליכערהייד אַרויס־גערופען געוואָרען דורך זעלבשטענדיגען לייענען די ביבעל. מ׳קאָן זיך סומך זיין אויף וויכטיגע און עהרליכע יסודות און

אויסקלייבען דעם פאַסיגען פלאַץ, ווי אַזוי צו פיהרען דעם גאַנצען לערנען. אָבער נעהמען פריהער, בעת די שטונדען פון רעליגיאָנס־אונטערריכט, און אַרויסשטעלען די מחוקקים פון יהדות און קהיסטענטום אַלס אַבסאָלוטע נביאים פון אמת, און נאָכדעם אויף די לעקציעס פון נאַטור־וויסענשאַפט דער־קלערען דאַרווינ׳ען און זיין היסטאָריע,— דאָס קאָן אַרויסרופען, און דאָס רופט טאַקע באמת אַרויס, מעהר איידער אַלע אַנדערע זאַכען, אַנ׳אומגליקליכען פלאָנטער אין מוח, אַ מאָ־ראַלישע אָהנמעכטיגקייט, אַ גייסטיגע אָבהענגיגקייט, אַשוואַכען כאַראַקטער, וואָס קאָן גאָר נישט און וואָס וויל גאָר נישט...

די הויפט־פראַגע בעשטעהט ניט דערין, וואָס פאַר אַ וועלט־אַנשויאונג מיר האָבען, נאָר דערין, אַז מיר זאָלען האָבען איין וועלט־אַנשויאונג, אַ גאַנצע, אַ האַרמאָנישע, און מיר זאָלען האָבען גענוג ווילענס־קראַפט אונזער וועלט־אַנשויאונג דורכצופיהרען און צו פערווירקליכען אין לעבען. אָבער קיין זאַך ווירקט ניט אַזוי געפעהרליך אויף דער עטישער ענערגיע פונ׳ם אונטערוואַקסענדיגען דור, ווי יענע צווייענדיגע, סתירות־פולע וועלט־אַנשויאונג, וואָס עס ארבייט אויס אין די קינדערשע מוחות די היינטיגע שול. די שול מוז זיך בעשליסען אויסצוקלייבען די אָדער יענע וועלט־אַנשויאונג, זי טאָר ניט זוכען קיין פשרות צווישען צוויי ערציהונגס־מעטאָדען און צוויי וועלט־אַנשויאונגען, אויב זי וויל ניט אינגאַנצען אונטער־ברעכען די קראַפט פון גלויבען און די ענערגיע ביי דער היינ־טיגער יוגענד.

דער ציריכער פּראָפעסאָר דאָדעל ווייזט אָן אין זיין בוך „משה אָדער דאַרווין״, ווי טיעף דער דאַרוויניזם האָט פער־כאַפּט די וויסענשאַפט און די קולטור, און ווי אין הערזעלבער צייט דערלאָזט מען ניט דאָס פאָלק צו דערקענען די

וויסענשאַפטליכע אמת׳ען פון היינטיגער צייט און מען צווינגט איהם נאָך אַלץ צו גלויבען אין דער קירכליכער פאָרשטעלונג פון די דאָזיגע אמת׳ען. מיט אַזא מין רעליגיאָנס־אונטעררכט טוט מען אָב אַ פערברעכען קעגען די געזעצען פון דער פסיכאָלאָגישער ענטוויקלונג, ווייל מען האַקט אריין אַ גאַנצע טעאָלאָגישע סיסטעם אין די מוחות פון קליינע קינדער, וואָס זענען נאָך ניט אין שטאַנד צו פערטראַכטען זיך איבער אַן׳אבסטראַקטען בעגריף און איהם אַרומצוקלערען.

וואָס מעהר עס פראָגרעסירט אונזער וויסען, אַלץ קלענער ווערט דער שטח פון איבערנאַטירליכען, אַלץ װעניגער גלויבט מען אינ׳ם אַריינמישען־זיך פון איבערנאַטירליכע קרעפטען. אָבער דאָס בעדייט גאָר ניט, אַז דער רעליגיעזער געפיהל וועט פערלאָשען ווערען, אויב עס וועט איהם ניט אונטערהאַלטען דער גלויבען אין דער געטליכער ענטפלעקונג און אינ׳ם איבערנאַטירליכען אַריינמישען־זיך. אָט דער רעליגיעזער געפיהל וועט זיך אַלע מאָל אַרויסווייזען אינ׳ם אידעאַליזם. אָהן אַ רעליגיעזען גלויבען און אַ רעליגיעזער בעגייסטערונג קענען ניט פערווירקליכט ווערען קיין שום אידעאַלע ציעלען.

אַזוי זאָגט פראָפעסאָר דאָדעל, און איך בין מיט איהם מסכים. אַ מענש, וואָס האָט אָנגעוואָהרען די רעליגיעזע געפיהלען, קען ניט האָבען קיין אידעאַלע צוועקען, קאָן קיינמאָל ניט אויפהויבען זיך העכער פון זיינע אייגענע אינטערעסען, קען ניט ברייננגען קיין גרויסע קרבנות אויף צו פערווירקליכען העכערע ציעלען. די אינעווייניגסטע רעליגיעזע בעגייסטערונג פערברייטעט און דערהויבט אונזער נשמה און לעגט אַרויף אויף אונז אַ חוב צו טון יענע מעשים, וואָס מיר האַלטען זיי פאַר אידעאַלע. אָבער די פאָרמאַלע רעליגיעס דריקען און פערשמעלערן די נשמה און קענען שוין מעהר ניט

פערבינדען און ארומנעהמען אלע מאָמענטען פון אונזערע מעשים. דעריבער זאָגען זיך אלץ מעהר און מעהר ערנסטע מענשען אָב פון זיי, און דוקא איבער רעליגיעזע מאָטיוען. און אזוינע מענשען טאָרען ניט לאָזען זייערע קינדער לערנען זיך לויט די אלגעמיין־אָנגענומענע שאבלאָן־מעטאָדען פון רעליג־יאָס־אונטערריכט.

ווענען דעם האָט זעהר פיעל געשריבען טאָלסטאָי. און אָט אזוי ענדיגט ער זיין שארפע קריטיק פון דער היינטיגער רעליגיעזער ערציהונג:

„אויב איך וואָלט געדאַרפט לערנען מיט א קינד די גרונד־כללים פון דער רעליגיעזער תורה, וואָס איך האלט פאר אמת, וואָלט איך איהם דאן אזוי געזאָגט: מיר זענען געקומען אויף דער וועלט און מיר לעבען אויף איהר ניט לויט אונזער איינענעם ווילען, נאָר לויט דעם ווילען פון אנ׳אנדערן, וואָס מיר רופען איהם גאָט. און דעריבער טוען מיר נאָר דאן ריכטיג, ווען מיר טוען דעם ווילען פון אָט דעם עצם. זיין ווילען אָבער בעשטעהט דערין, אז מיר אלע זאָלען זיין גליקליך. אָבער בכדי צו דערגרייכען דעם דאָזיגען צוועק, איז פאראַן נאָך איין מיטעל: זאָל איטליכער מענש אזוי זיך בעגעהן מיט׳ן צווייטען, ווי ער אליין פערלאַנגט, מ׳זאָל מיט איהם זיך בעגעהן.

„אויף דעם קינד׳ס שאלות: ווי אזוי איז בעשאפען געוואָרען די גאנצע וועלט? וואָס וועט זיין מיט אונז נאָכ׳ן טויט?— ענטפער איך— אויף דער ערשטער: איך וויים ניט, און אז בכלל איז די דאָזיגע שאלה ניט קיין וויכטיגע און האָט קיין שום בעדייטונג ניט; אויף דער צווייטער ענטפער איך, אז דער ווילען פון דעם, ווער עס האָט אונז ארויסגערופען צום לעבען צוליעב אונזער גליק, וועט זיין ביכולת אויך נאָך אונזער טויט צו ברענגען אונז צום דאָזיגען צוועק״.

אין דעם פאַל, פונקט אזוי ווי אין פיעל אנדערע פאַלען, ווען די דערוואַקסענע זענען נאָך אַליין ניט געקומען צו קיין הסכם, וואָס איז בעצם נויטיג דעם קינד, וואָלטען מיר בעסער דאַרפען דערגעהן ביי די קינדער גופא וועגען זייערע אמת׳ע בעדערפעניש.

און דאַן וועלען מיר איינגעפינען, אז דאָס קינד הויבט גאַנץ פריה אָן צו פערטראַכטען זיך איבער דער דאָזיגער רעטעניש פון דער מענשהייט, — פון וואַנען און וואוהין, — נאָר צוגלייך געפינען מיר אויך, אז די נאַטור און דער עהרליכער תמימות׳דיגער געפיהל פון קינד ווערט אויפגעבראַכט קעגען דער אַלט־פרענקישער ערקלערונג פון בריאת העולם, כל זמן זיין געפיהל און זיין עהרליכקייט זענען נאָך ניט טעמפיג געוואָרען. נאָכדעם נעהמט דאָס קינד אַפּאַטיש אָן אַלץ, וואָס מען לעהרנט מיט איהם, אָדער זיין אינעווענינגסטער „איך" לייקענט אָב דאָס, וואָס ער דאַרף חזר׳ן מיט׳ן צונג, אָדער ער ערלויבט זיין הארצען אויפצונעהמען יענע איינציגע שפייז, וואָס מ׳לעגט איהם פאַר אויף צו שטילען זיינע רעליגיעזע בעדערפענישען.

מיינע אייגענע קינדערשע זכרונות האָבען מיר שוין פון לאַנג געבראַכט זיך צו צוקוקען צו די רעליגיעזע בעגריפען פון קינדער, און אין משך פון פינף און צוואַנציג יאָהר האָב איך אָנגעקליבען א רייכען מאַטעריאַל וועגען דעם דאָזיגען ענין. גאָר פריה האָבען מיך אָנגעהויבען פייניגען רעליגיעזע שאלות. אז איך האָב זיך צו זעקס יאָהר דערוואוסט די גאַנצע מעשה פון קריסטוס׳ן, בין איך געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט אויפ׳ן עצם ענין: צו וואָס האָט דאָס גאָט געדאַרפט טון אזוי? צו וואָס האָט איהם געלוינט דער גאַנצער עסק? צו צעהן יאָהר האָט מיך שוין געפייניגט שרעקליכע ספקות וועגען דער השגחה גופא. געבראַכט דערצו האָט דער טויט פון א יונגען ארבייטער, וואָס

האָט איבערגעלאָזען אַן אַלמנה מיט פינף יתומים אויף הונגער און נויט. מיינע חקירות וועגען דער עקזיסטענץ פון גאָט האָבען דאַן אָנגענומען פון עפּיס אַן אַרויסרוף. קיינער האָט מיינע פראַגען ניט געענטפערט. דאַן האָב איך זעלבשטענדיג גענומען לייענען די ביבעל און איך האָב זי זעהר ליעב בעקומען. אַלץ איז דאָ אַזוי פּשוט, אַזוי פערשטענדליך און אַזוי שען. די גרויסע גייסטער פון דער ביבעל זענען מיר געוואָרען אַזוי ליעב און אַזוי היימיש־נאָהענט. דערנאָך אָבער האָט מען מיר אָנגע־הויבען שטאָפּען מיט פערשיעדענע פּירושים און פּשט׳לעך; מ׳איז פון הויט געקראָכען בכדי מיר צו דערווייזען עפּיס אמת׳ען, עפּ ם הבטחות און נביאות, וואָס זענען שוין כלומר׳שט מקוים געוואָרען; מ׳האָט אַריינגעלעגט טיעפע סודות און ווערטער, וואָס האָבען מיר פריהער אויסגעוויזען אַזוי קלאָר און פער־שטענדליך. דאַן איז דער לעבעדיגער בוך, וואָס האָט זיך אַזוי איינגעקריצט אין מיין הארצען און אין מיין קינדערשער פאַנטאַזיע, פּלוצלונג געוואָרען פאַר מיר אַזוי טויט. איך ווייס פיעל פאַקטען, וואו דער שאַבלאָניש־פערדרעהטער רעליגיאָנס־למוד האָט געבראַכט צו טרויעריגע רעזולטאַטען.

דער יודיש־קריסטליכער בעגריף וועגען דער השגחה, וואָס שאַפט און בעוואַכט און בעשירעמט, און וואָס נעהמט אָן די וועלט אַלס אַ פערענדיגטע, פאָלקאָמענע, איז לחלוטין סותר די בעשיינפערליכע בעאָבאַכטונגען און דעם עוואָלוציאָנס־בעגריף, וואָס לערנען אונז, אַז אַלץ אין דער נאַטור און אויך די מענשליכע געשיכטע געפינט זיך אין פּראָצעס פון אייביגער ענטוויקלונג. דעריבער קאָן מען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען קיין מעגליכקייט, טעאָרעטיש צו פערבינדען ביידע בעגריפען, און נאָך וועניגער איז מעגליך זיי צו פערבינדען פּראַקטיש, ווען מ׳זאָל אפילו פּרובען זיי צונויפקלעפּען מיט יענעם קליי, וואָס מיר

רופען אַן פשרה, קאָמפּראָמיס. דאָס קינד — דער סימבאָל פון תמימות, וואָס זעהט אַלץ אין שלאָף, ווי מיט אָפענע אויגען — לאָזט זיך אויך ניט נאַרען. אויב מ׳וויל ניט רעדען קיין אמת, דאַן דאַרף מען מיט׳ן קינד בעסער גאָר ניט רעדען וועגען לעבען, וועגען דעם ווירקליכען לעבען אין זיין גאַנצער איינינקייט, וועגען זיינע אונענדליכע שאַפונגען און זיין אייביגער געטליכער געזעצליכקייט.

אָבער דאַן הויבט אָן דאָס קינד אַליין איבערצוקלערען וועגען אַלץ, וואָס מ׳האָט איהם געלערענט בלינד צו גלויבען דערין, און דעריבער קאָן שוין די פריהערדיגע אמונה ביי איהם ניט איינגעהיט ווערען. פונקט אַזוי קען מען שוין אָבער דאַן אויך ניט צוגרייטען אַזאַ קינד צום אויפנעהמען דעם נייעם געטליכען בעגריף מיט דער רעליגיעזער קראַפט, וואָס פעראייניגט און דערהויבט, דעם בעגריף וועגען יענעם גאָט, וואָס זיין ענטפלעד־קונגס־בוך איז דער אויסגעשטערענטער הימעל, די ימים אָהן אַ גרונד און די טיעפקייט פונ׳ם מענשליכען הארצען, — דעם גאָט, וואָס איז אין לעבען און וואָס איז דאָס לעבען אַליין.

קיין זאַך קען קלערער ניט בעווייזען, ווי אָרים עס איז דער איינענער גלויבען פון די היינטיגע דענקענדע מענשען און ווי וועניג ער איז אויסגעאַרבייט, ווי יענער פאַקט, וואָס זיי לעהר־נען נאָך זייערע קינדער דאָס, מיט וואָס זיי אַליין ווילען גייסטיג ניט לעבען, אָבער זיי האַלטען עס נאָך פאַר נויטווענדיג פאַר דער מאָראַלישער און סאָציאַלער צוקונפט פון די קינדער.

פון דעם היינטיגען רעליגיאָנס-אונטערריכט טראָגען די קינדער אָפט אַרויס לעבערליכע בעגריפען אָדער אַבערגלויבע־רישע פאָרשטעלונגען, וואָס וואַרפען אָן אַ מורא.

אמת, מיר זענען שוין ווייט אַוועק פון יענע צייטען, ווען איבער דער גאַנצער מענשהייט האָט געשוועבט דער שרעק

פאַר'ן טייוועל; מיר זענען ווייט פון יענער צייט, ווען די געטער האָבען זיך בעוויזען זייערע מאמינים בחוש, ווען נסים זענען געווען מעשים בכל יום. איצט וואַרטען און האָפען ניט דערויף אפילו די גלויביגע לייט. אָבער כל זמן די רעליגיעזע שטה וועט אונטערהאַלטען די אמונה אין השגחה און דעם גלויבען אין טייוועל און נסים, וועט קיין שטראַהל ליכט פון וויסענשאַפט־ליכען פערשטעהן ניט דורכדרינגען דעם חשך, וואו ס'ענטוויקלען זיך באַצילען פון שרעק, פון אכזריות און אונזין.

די פאָרשטעלונגען פון די קינדער וועגען הימעל זענען א ראיה, אז דאָס קינד איז נוטה צו רעאַליזם. א קליינער יונגעלע האָט געמיינט, אז זיין ברודער'ל קען ניט זיין אויפ'ן הימעל, ווייל ער וואָלט נעדאַרפט אהין ארויפקלעטערן אויף א לייטער, אָבער דעמאָלט וואָלט דאָך איהם אויסגעקומען ניט צו פאָלגען די עלטערן, ווייל זיי האָבען איהם שטרענג פערזאָגט ניט צו קלעטערן אויף א לייטער. אזוינע פאַלען וויים איך א סך. דערפון זעהן מיר, אז דעם קינד'ס שכל איז נוטה צו רעאַלע פאָרשטע־לונגען, און מיט אונזערע ענטפערן פיהרען מיר די דאָזיגע נטיה ארויף אויף א פאַלשען וועג. מ'וועט וועלען אָבשלאָגען, אז דעם קינד'ס פאַנטאַזיע נויטיגט זיך אין לעגענדעס און סימבאָלען, אָבער דערויף איז ניט שווער צו ענטפערן: מ'דאַרף ביים קינד ניט אוועקנעהמען דעם שפיעל פון זיין כח הדמיון, אָבער מ'טאָר אויך ניט ארויסשטעלען דעם שפיעל אלס עפּיס טאַקע ערנסטעס. דאָס, וואָס די קינדער מאַכען זיך אליין רעאַלע בעגריפען וועגען רעליגיעזע זאַכען, דאַרף קיינעם ניט חידוש'ן, און קעגען דעם דאַרף מען ניט קעמפּפען. אָבער אז מ'וועט די ניט־ריכטיגע בעגריפען ארויסגעבען פאַר די גרעסטע אמת'ען פון לעבען, דאַן וועלען זיי נאָר צושטערען די הייליגע תמימות און די אונשולד פון קינד.

איך ווייס פאַקטען, וואו קינדער האָבען געגלויבט אין נסים און זיי האָבען היים מתפלל געווען אין זייערע קינדערשע נויטען, גאָט זאָל זיי טון אַ נס, און אַז זייערע הייסע תפילות זענען ניט דערהערט געוואָרען, האָט עס געמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין זייער אינעוויינינגסטען לעבען.

און אַז דאָס קינד וועט צולעצט פערשטעהן, אַז די דער־וואַקסענע גלויבען אַליין ניט אין דאָס, וואָס זיי רופען אָן רעליגיע, דאַן וועט די פעהיגקייט פון קינד צו גלויבען און צו פיהלען יראת הכבוד פאַר היילינע זאַכען בעקומען אַ קלאַפּ, וואָס מ׳וועט שוין ניט קענען פערריכטען איהם. און די דאָזיגע פעהיגקייט איז דאָך דער יסוד פונ׳ם רעליגיעזען געפיהל.

איך רעד וועגען יענער וועלט־אַנשויאונג, וואָס ווערט מיט דער ערלויבעניש פון די עלטערן אַריינגעבראַקט די קינדער און וואָס פערקלענערט אין דער אמת׳ן זייער בעגריף וועגען גאָט און נאַטור, יענע וועלט־אַנשויאונג, וואָס שאַפט אוננוציגע יסורים און שעדליכע אַבערגלויבענישען.

די נטיה פון קינד צו אַ טיעפען רעליגיעזען געפיהל, צו אַ פעסטען גלויבען און זיין דאָרשט נאָך היילינקייט דאַרפען בעפרידינגט ווערען מיט יענער גייסטיגער שפייז, וואָס ער קען זי פריי שעפּען דירעקט פון דער ביבעל, פון דער אַלגעמיינער געשיכטע, פון ביאָגראַפיעס פון גרויסע פערזענליכקייטען, וואָס האָבען געשטרעבט צו אַ העכערען אידעאַל, און פון קינדער־ביבעל, וואו עס זאָגט זיך אַרויס אַזאַ שטרעבונג. אָבער פאַר קיין שום קינד זענען ניט נויטיג צוליעב זיין רעליגיע און צוליעב זיין בילדונג קיין שום ספּעציעלע רעליגיאָנס־ביכער.

דער איבעראַרבייטען אין זיך און דער קלאָר מאַכען זיך אַלע סתירות, וואָס וועלען זיך טרעפען דעם קינד אפילו ביי אַזאַ רעליגיעזער ערציהונג, וואָס איך שטעל מיר פאָר, מוזען ניט

אַנדערש אַריינגעהן אין פּראָגראַם פון דער ערציהונג צום לעבען, וואו ס׳קומט שטענדיג אויס צו האָבען אַ׳עסק מיט כל׳ערליי סתירות. אָבער די דאָזיגע ארבייט וועט ניט שאַדען ניט דער אמת׳ער פרומקייט, ניט דער קינדערשער נשמה. פערקעהרט, דער רעליגיאָנס־אונטעררירכט לויט דער היינטיגער אַלגעמיין־אָנגענומענער מעטאָדע ברענגט שעדליכע, טרויעריגע רעזול־טאַטען: געצוואונגענע, פאַלשע פרומקייט, חניפה׳דיגע צביעות, גייסטיגען פאַנאַטיזם, אָבגענאַרטען פערשטאַנד, טרוקענקייט פון דער נשמה אָדער אַ בעליידיגטען געפיהל פון רעכט און גערעכטיגקייט. אין היינטיגער צייט, פונקט אַזוי ווי אין דער צוקונפט, וועט דאָס קינד זיין בכח, גרינגער צו לייזען אַלע זיינע גייסטיגע פּראָבלעמען, אויב זיין אויפגעוועקטער רעכט־געפיהל און זיין קלאָרע לאָגיק וועלען ניט פערטעמפּט ווערען פון די דאָגמאַטישע תירוצים אויף אַלע אייביגע פראַגען, וואָס אַ קינד דענקט וועגען זיי אַזוי פיעל, פונקט ווי יעדער דענקער.

קאַנט האָט שוין אָנגעוויזען אויף די הויפּט־שלעכטס, וואָס ליעגט אין דער שיטה פונ׳ם רעליגיאָנס־אונטעררירכט. מ׳דאַרף אויסמיידען אַ שלעכטע זאַך ניט דערפאַר, ווייל גאָט האָט דאָס געאסר׳ט (אַ פערשפּיצטער מח קען דאָך שטענדיג אַרויסגעפינען עפּיס אַ היתר), נאָר דערפאַר, ווייל די זאַך גופא איז אין עצם שלעכט. מ׳דאַרף שטרעבען צו גוטס ניט דערפאַר, ווייל די רשעים קומט גיהנום און די צדיקים גן־עדן, נאָר דער־פאַר, ווייל דאָס גוטע איז וויכטיגער, שענער. צו קאַנט׳ס שטאַנדפּונקט קאָן מען נאָך צוגעבען פאָלגענדען געדאַנק: יענע אַנשויאונג, וואָס לויט איהר איז דער מענש ניט בכח מיט זיין אייגענער קראַפט און ווילען צו טון גוטס, נאָר ער דאַרף אין דעם פאַל, פונקט ווי אַ סך אַנדערע פאַלען, מיט הכנעה האָפען אויף גאָט׳ס הילף.— אַזאַ אַנשויאונג שוואַכט עטיש אָב דעם

מענשען. פערקעהרט, דער גלויבען אין אונזערע אייגענע כחות און דער געפיהל פון אונזער אייגענע אחריות פאר אונזערע מעשים ווירקען אויף אונז עטיש גוט און קרעפטינען אונזער גייסט. די אמונה אין דער אונאויסמיידליכער זינדיגקייט האט געבראכט דעם מענשען דערצו, אז ער איז טאקע געווארען און פערבליבען א זינדיגער.

אויב מיר ווילען, אז דער קומענדיגער דור זאל אויסוואקסען מיט ריינע, גלייבע נשמות, דאן דארף מען מיט א מאל אבשאפען דעם גאנצען קלאפער־געצייג פון די רעליגיאנס־ביכער אין דער ערציהונג פון די קינדער און פון דער יוגענד.

קניהען פאר׳ן אהנ׳סופ׳יגען און טיעף־סודות־פולען, וואס געפינט זיך „אויף דער און אויף יענער״ זייט פון אונזער ערדישען קיום; קענען בענעהמען און אויסקלייבען די אמת׳ע מאראלישע ווערטען; זיין דורכגעדרונגען מיט׳ן בעוואוסטזיין פון דער אחדות פונ׳ם מענשליכען מין און פון די אייגענע התחייבות׳ן; ערציהען אין זיך צוליעב דעם כלל א גייסטיג שטארקע און רייכע פערזענליכקייט; בעאבאכטען און שטרעבען זיך אויפצוהויבען ביז די הויכע מוסטערן פון גייסט; זיך בוקען צום געטליכען און געזעצליכען אין דער וועלט, אינ׳ם ענטוויקלונגס־פראצעס און אין דער מענשליכער נשמה,— אט דאס זענען יענע נייע רעליגיעזע געפיהלען פון פארכטזאמקייט און ליעבשאפט, וואס אדאנק זיי וועלען די קינדער פון דער נייער צייט ווערען שטארק, געזונד און שען.

איבערזעצט דורך א. י. קרייצבורגער.

עלען קעי, די גרויסע שוועדישע שריפטשטעלערין און ערציהערין, איז געבאָרען געוואָרען אין 1849 אין איהר פאָטער'ס אימעניע אין דער שוועדישער פּראָווינץ סאמלאנד. דער פאָטער האָט פערנומען א וויכטיגען אָרט אין שוועדישען פּאַרלאמענט אלס אַן אויסגעשפּראָכענער ראדיקאל. די מוטער, דאַגעגען, האָט זיך געהאלטען ביי די טראדיציעס פון דער אלטער פריצישער פאמיליע, פון וועלכער זי האָט געשטאמט. עלען, זייער עלטסטעס קינד, האָט זיך אויסגעצייכענט פון איהר ערשטער קינדהייט אָן מיט אַ שטאַרקער ליבע צו דער נאַטור און צו אלעס וואָס איז נאַטירליך. שוין דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבען זיך איבען אין שווימען, רודערן, רייטען און אנדערע גימנאסטישע בעוועגונגען, וואָס מיידלעך האָבען דענטסמאָל דערפון גאַר נישט געוואוסט. גלייכצייטיג האָט זי אויך ליעב געהאָט מוזיק און אַ מאַסע געלעזען. איהר ערציהונג האָט זי בעקומען צום גרעסטען טייל אין דער היים ביי דייטשע, פראנצויזישע און שוועדישע לעהרערס. זי האָט אָבער געהאַט זעהר אַ שטאָלצען כאראַקטער און צום לערנען ניט קיין שטאַרקען חשק ארויסגעוויזען. צום גליק האָט זי געהאַט אַ קלוגע מוטער, וועמען זי האָט אַ סך געהאַט צו פערדאַנקען. נאָך אלס יונגע מיידעל האָט זי זיך גענומען פאַר'ן שרייבען נאָוועלען פון פויערים־לעבען, זייענדיג דערין בעאיינפלוסט פון ביערנסאָן און אנדערע סקאַנדינאַווישע שרייבערס. אַ בעמערקונג פון איהר מוטער האָט איהר געעפענט די אויגען, אַז בעלעטריסטיק קען ניט ווערען

איהר בערוף. באמת האָט זי אַליין ניט געוואוסט וואָס איהר הויפּט אויפגאַבע אין לעבען דאַרף זיין, און זי האָט מעהר געחלומ׳ט פון ליבע און מוטערשאַפט איידער פון אַ קאַריערע אין לעבען.

צו דריי און צוואַנציג יאָהר האָט עלען קעי, אין דער געזעלשאַפט, פון איהר פאָטער אָנגעהויבען ארומפאָהרען איבער אַלע גרויסע צענטערס פון אייראָפּא, פיליכט אויס ליבע צו דער קונסט. אויף אָט די רייזען האָט זי אָנגעזאַמעלט אַ סך קענטעניס פון קונסט־ווערק. דאָס איז איהר שפּעטער אָפט צו נוץ געקומען אין איהר ליטעראַרישע ווערק. אין 1880, ווען איהר פאָטער האָט פערלאָרען זיין פערמעגען דורך אַ קריזיס אין דער לאַנדווירטשאַפט, האָט זיך עלען געמוזט אויסזוכען אַ קאַריערע. פאַר אַ געוויסע צייט איז זי געווען אַ לעהרערין אין אַ שולע פאַר מיידלעך. די ערציהונגס־פּראָבלעם האָט איהר שוין לאַנג געהאַט אינטערעסירט, און נאָך מיט פיעל יאָהרען פריהער האָט זי שוין, אויף אָנרעגונג פון דעם בעריהמטען שוועדישען שרייבער ביערנסאָן, געהאַט שטודירט דאָס שול־סיסטעם אין דענעמאַרק. שפּעטער האָט זי געגעבען לעקציעס אין ליטעראַטור, געשיכטע און עסטעטיק. כמעט צוואַנציג יאָהר נאָכאַנאַנד האָט זי פערנומען אין דער פאָלקס־אוניווערזיטעט אין שטאָקהאָלם די קאַטעדרע פאַר געשיכטע פון ציוויליזאַציע אין שוועדען.

נאָך האָט עלען קעי ניט געהאַט געפונען איהר ריכטיגען פּלאַץ אויף דער וועלט; נאָך איז זי געווען עפּעס שעמעוודיג און ניט זיכער מיט זיך גופא. כאָטש זי האָט זיך שוין מעהר ניט געשראָקען פאָרצוטראַגען פאַר אַ גרויסען עולם וועגען ליטעראַרישע און עסטעטישע פּראָבלעמען, דאָך האָט זי נאָך עפענטליך ניט געהאַט בעריהרט יענע דעליקאַטע און

געפעהרליכע פראגען, וואָס רופען ארויס אזא שארפע געגנערשאפט פון אלע זייטען. דערצו איז זי ארויסגעטראָטען אין אזא צייט, ווען מ׳האָט אין שוועדען אויסגעגראָבען אן אלט געזעץ געגען אפיקורסות און געדראָהט מיט טורמע יונגע לייט, וואָס האָבען געוואגט אנווענדען דארווינ׳ס לעהרע אויף רעליגיאָן און געשלעכטליכע מאָראל. עלען קעי איז דעמאָלט ארויס מיט איהר גאנצער אָראַ־טאָרישער קראפט פערטיידיגען דאָס טייערסטע און הייליגסטע ביי איהר: דאָס רעכט פונ׳ם יחיד אויף זיין פערזענליכע מיינונג און זיין פולע פערזענליכע ענטוויקלונג. זי איז נאטירליך שטארק אָנגעגריפען געוואָרען פון די רעאקציאָנערע עלעמענטען אין דער שוועדישער געזעלשאפט. עס האָט לאנג ניט געדויערט און איהר ליטעראַרישע טעטיגקייט האָט זיך ענטוויקעלט אויף דעם געביט, וואָס איז איהר געווען טייערער ווי אלץ. א גאנצע סעריע ביכער זענען ארויס פון איהר פעדער אין א קורצע צייט, אשטייגער: „ליבע און הייראט״, „דאָס יאָרהונדערט פונ׳ם קינד״, „די פרויען־בעוועגונג״ און נאָך א סך אנדערע. זי האָט אויך געשריבען אָבהאנדלונגען איבער ליטעראַרישע פערזענליכקייטען. צווישען זיי די ביאָגראפיע פון דער בעריהמטער יודישער סאלאָן־פרוי רחל ווארנהאגען, וואָס האָט געלעבט אין אָנפאנג פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט.

עלען קעי איז די גרעסטע פרוי, וואָס די סקאנדינאווישע לענדער האָבען ארויסגעבראכט. בעריהמט אָבער איז זי געוואָרען ניט אין איהר היים־לאנד שוועדען, נאָר אין דייטש־לאנד. די דייטשע פרויען האָבען אריינגעבראכט א נייע שטרע־מונג אין דער פרויענבעוועגונג. אין ענגלאנד און אין אמעריקא פאָדערט מען פאר דער פרוי איהרע רעכט אלס מענש, אלס מיטגליד פון דער געזעלשאפט, אלס בירגערין פונ׳ם לאנד.

די דאָזיגע פאָדערונגען זענען אין אַ סך ערטער שוין אָנערקענט. דאָס לייזט אָבער ניט די גאַנצע פרויענפראַגע, די דייטשען, וועלכע זענען גרינדליך אין איטליכער זאַך, האָבען אויך די פרויענפראַגע אָנגענומען אין איהר גאַנצען ערנסט. זיי פאָדערן די רעכט פון דער פרוי ניט נור אַלס מענש, נאָר אויך אַלס ווייב און מוטער.

אַט דער גרויסער קאַמף פאַר פרויענרעכט האָט געפונען איהר קלאָרסטען אויסדרוק אין די ווערק פון עלען קעי. לויט עלען קעי׳ס מיינונג, איז ליבע דער עיקר פון דער פרויענפראַגע. פרויען מוזען, זאָגט זי, קעמפפען ניט פאַר דאָס רעכט צו זיין ווי מאַנסלייט, נור צו האָבען די פולע, אונבעשרענקטע רעכט צו זיין פרויען און מוטערס. ס׳איז ניט גענוג פאַר די פרויען צו האָבען פאָליטישע און אינדוסטריעלע רעכט. עלען קעי בעדויערט יענע פרויען, וואָס פערברייגגען זייער לעבען אין ווערקשטאַט און אין קאָנטאָר. עלען קעי׳ס אידעאַל איז ניט די אונטערדריקונג פון דעם מענשענ׳ס פערלאַנגען און נאַטירליכע בעדערפניסען, נאָר זייער פולע, געזונדע און האַרמאָנישע ענט־וויקלונג אין אַלע הינזיכטען.

עלען קעי איז ניט קיין נאָכפאָלגערין פון דער קריסטליכער מאָראַל פון עוואַנגליום. זי איז געגען אַסקעטיזם אין אונטער־דריקונג פון געזונטע נאַטירליכע שטרעבונגען. אין איהרע ווערק הערט זיך די קרעפטיגע שטימע פון דער געזונדער מענשליכער נאַטור, און זי מעג מיט רעכט אָנגערופען ווערן אַן אַ פאָסטעל פון לעבען.

**חיים שוים.**

No. 4—5

זאַמלונג „פאָלקסבילדונג"

עללען קעי.

# די שולע פון דער צוקונפט.

איבערז. דורך י. גאָלדשמידט

פרייז 20 סענט.

ארויסגעגעבען פון
פערלאַג „פאָלקסבילדונג"
הויפט־פערקויף ביי דעם „ליטעראַרישען פערלאַג"
256 איסט בראָדוויי, ניואָרק
1915.

איך וויל דאָ אין קורצע שטריכען איבערגעבען מיינע חלומות פון אַ צוקונפטסשול, וואו די קינדערשע נשמה׳לעך זאָלען קענען בעקומען אַ פרייע פולע זעלבסטענטוויקלונג. איך זאג מיט אַ כיוון „חלומות״, אום מען זאָל ניט מיינען, אַז איך פרעטענדיר און האָב בדעה צו געבען אַ פראָגראם פון רעפאָר־מען פאר דער געגענוואַרט.

* *
*

מיין ערשטער טרוים איז, דער קינדערגאָרטען און די קליינקינדערשול זאָלען איבעראַל פערביטען ווערען אויף דעם הויזליכען אונטערריכט.

ס׳איז קיין ספק ניט, אַז די גאַנצע בעוועגונג צו רעפאָר־מירען די ערציהונג, וואָס דער פועל־יוצא איהרער, צווישען אַנדערע רעזולטאַטען, איז געווען די בעשאַפונג פון פעסטאַלאָצי־און פרעבעל־שולען און פון אַנדערע עהנליכע אַנשטאַלטען — אַז אָט די גאַנצע בעוועגונג האָט געהאַט אַ טיעפע שטאַרקע ווירקונג אויף דער אויסבילדונג פון בעסערע ערציהערינס. איך האַלט אָבער פאַר אַ גרויסען אונגליק דאָס, וואָס די געזעלשאַפט איז אַלץ מעהר גענייגט צו בעטראַכטען די „יאַסלעס״ (פריוטען), דעם קינדערגאָרטען און די קינדערשול אַלס דעם **אידעאַלען פלאַן פון ערציהונג**. אין יעדער דיסקוסיע איבער די מעגליכקייטען פון דער פרוי צו אַרבייטען אינ׳ם געזעלשאַפט־ליכען לעבען ווייזט מען אָן, אַז אָט דער ערציהונגס־פּלאַן וועט בעפרייען די מוטערס פון דער השגחה איבער די קינדער — און

די קינדער פון דער שלעכטער ערציהונג מצד די מוטערס — און וועט די פרויען געבען די מעגליכקייטען צו ארבייטען אויסער־האלב די ד׳ אמות פון פאמיליענלעבען. אנ׳אמעריקאנישע שריפטשטעלערין שלאָגט פאָר אלס א מיטעלוועג, אז יעדע פעדאגאָגיש בעגאבטע מוטער זאָל צו איהרע קינדער צוזעצען א גרופּע פרעמדע קינדער און ערציהען זיי אלע צוזאמען. אָבער וואָס עס וועלען בעקומען אונטער אזעלכע פערהעלטניסען די אייגענע, דאָס איז גענוג גוט בעקאנט פון יענע אָרימע קינדער, וואָס זענען אויסגעוואקסען אין ערציהונגס־אנשטאלטען, וואו זייערע עלטערן זענען געווען משגיחים, און פון די אָרימע עלטערן, וועלכע האָבען געליטען דערפון, וואָס זיי האָבען אונטער אָט די פערהעלטניסען ניט געקענט גענוג אכטונג געבען אויף די אייגענע קינדער.

ס׳איז גאנץ ריכטיג, אז אונטער די איצטיגע פערהעלט־ניסען, מיט אנ׳אונגעהויערער צאָהל מוטערס, וואָס ארבייטען אויסער׳ן שטוב און וואָס זענען שלעכט פאָרבערייטעט פאר זייערע פליכטען, — זענען די פערשיעדענע פריוטען און דער קינדערגאָרטען געווען און זענען נאָך אויך איצט פאר פיעלע קינדער א גליק. און א וואָסער־ס׳איז טיפּ פון א קינדערגאָרטען וועט אפשר שטענדיג נויטיג זיין אלס הילפסמיטעל, אין בעזונדערע פערהעלטניסען, צום ביישפּיעל, ווען א קינד האָט ניט קיין שפּיעל־חברים, אָדער ווען א מוטער האָט ניט קיין חשק אָדער קיין פעהיגקייטען אליין צו ערציהען. דאָס שטאמט געוועהנליך דערפון, וואָס די מוטער האָט א צו־אונ־רוהיגען, א צו־ווילענסשוואכען, אָדער א צו־מעלאנכאָלישען כאראקטער.

אין א סך פאלען קען מען נאָך אויך איצט מסכים זיין מיט דער מיינונג פון מערי וואָלסטאָנקראפט, ארויס־

געזאָגט נאָך מיט הונדערט יאָהר צוריק: „אויב די קינדער ווערען ניט ערמאָרדעט פון זייערע אונוויסענדע מוטערס פיזיש, דאַן געהען זיי אָבער צו גרונד פסיכיש דורך די אונפעהיגקייט פון די מוטערס צו ערציהען. די ערשטע זעקס יאָהר פון די קינדערס לעבען, די טייערסטע צייט, ווען עס ווערט בעשטימט די גאַנצע ענטוויקלונג פון זייער כאַראַקטער, לאָזען די מוטערס זיי איבער אויף די הענד פון דער דיענערשאַפט. אמאָל וואָלט אפשר גראַדע די פשוט׳ערע עהרליכערע דיענערשאַפט געהאַט אַ בעסערע ווירקונג אויף דעם קינדס ערציהונג, — ווערט אָבער אָט די ווירקונג בטל דורך די גראָבע בעהאַנדלונג געגען די שטוב־מענשען מצד די עלטערן. דערנאָך גיט מען די קינדער איבער דער שול, וועלכע דאַרף אויסוואָרצלען די שלעכטע זיטען זייערע, וואָס נור די וואַכזאַמע השגחה פון די מוטערס וואָלט גאָר לכתחילה געקענט פערהיטען פון זיי. די שול אָבער גע־ברויכט דערויף אַזוינע מיטלען, וואָס לעגען פון זייער זייט דעם יסוד צו אַלערליי מאוס׳ע געוועהנהייטען. אָבער ווייל עס זענען נאָך דאָ אַ סך אַזוינע פאַלען, ווייל עס וועלען נאָך אימער זיין מוטערס אָהן ערציהערישע פעהיגקייטען, וואָלט פונדעסטוועגען געווען אַ לייכטזין צו מיינען, אַז דאָס רוב פרויען קענען ניט אויסגעבילדעט ווערען אַלס ערציהערינס, ווען מ׳זאָל ווירקליך שטעלען די אויסבילדונג צו זיין אַ ערציהערין אַלס אַ נויטיגען פונקט אין דער פרוי׳ס ענטוויקלונג. צו בעשאַפען אַ נייעם דור ערצויגענע מוטערס, וואָס זאָלען צווישען אַנדערע זאַכען, בע־פרייען די קינדער פונ׳ם קינדער־גאָרטען סיסטעם, — דאָס איז איינע פון די אויפגאַבען פון דער צוקונפט. מען נעהמט ביי אונז, צום ביישפיעל, די קינדער שוין אינ׳ם עלטער פון צוויי־דריי יאָהר און מען זעצט זיי צוזאַמען אין סטאַדעס, מען לאָזט זיי ארבייטען נאָך איין פּלאַן און מאַכען איינע און די זעלבע

קליינליכע, נארישע און אומנוציגע ארבייט. דאָס הייסט ביי אונז --ערציהען מענשען, אין אמת אָבער מושטירט מען אויף אַזאַ שטייגער נור אויס אָנשטאָט לעבעדיגע מענשען--ליימענע גולם׳ס. ווער עס האָט אַלס קינד געשפּיעלט זיך אויפ׳ן ברעג ים, אָדער אין וואלד, אין אַ גערוימען קינדער־צימער אָדער אויף אַ בוידעם, און האָט אויך אַנדערע קינדער אַזוי שפּיעלען געזעהען, דער וויים, וואָס פאר אַנ׳אונגעהויער גרעסערן ווערט אַזאַ פרייעס שפּיעל האָט פאר דער פערטיעפונג פון דער נשמה, פאר דער אונטערנעהמונגסלוסט און פאר דער פאנטאזיע פון קינד, אין־פערגלייך מיט די שפּיעלען און בעשעפטיגונגען, וואָס ערוואקסענע אָרדנען פאר איהם איין און האַקען איבער אינמיטען, ווען ס׳קומט די מינוט. אָנשטאָט צו געוועהנען די קינדער צו קענען זיך אַליין אונטערהאַלטען און פערברענגען די צייט אין דער איינזאַמקייט, ערציהט מען אין זיי דורך אָט די קינצליכע שפּיעלען אַ געוואוינהייט, צו אונטערהאלטען זיך אין סטאדעס--- אַ געוואוינהייט וואָס איז איינע פון די סימנים פון גייסטיגער געמיינ־הייט, וואָס ברענגט די קינדער צו שאַפען איבעריגע זאכען און זיך נאָך דערצו איינצורעדען, אַז דאָס זענען נוצליכע ,,ארבייטען״! לערנען די קינדער צו פערברויכען אַלץ וואָס נים נויטיג, אַלץ וואָס פערדארבט, פערקינצעלט און מאכט שווער דאָס לעבען; לערנען זיי, צו מאַכען דאָס לעבען איינפאכער און צו זוכען זיינע גרויסע ווירקליכע ווערטען-- אָט וואָס עס דארף זיין די אויפ־גאבע פון דער ערציהונג. דאָס קינדערגאָרטען־סיסטעם איז, פערקעהרט, איינס פון די בעסטע מיטלען, צו ערציהען שוואכע דילעטאנטען און פער׳עקשנ׳טע סטאדע־לייט!

האלט מען אָבער אַז דער קינדערגאָרטען איז נויטיג אויף ווייטער אָדער אויך אין דער צוקונפט, דאַן דארף ער פאר די קינדער זיין אַ פּלאַץ, וואו זיי זאָלען האָבען די זעלביגע פרייהייט

ווי קעצלעך אָדער הינטלעך, צו שפּיעלען זיך פּאַר זיך אַליין און אַליין פון זיך עפּיס אויסצוטראַכטען, און וואו זיי זאָלען זיין פערזאָרגט מיט מיטלען, אויסצופיהרען זייערע שפּיעלען, און מיט חברים, צו שפּיעלען זיך מיט זיי. לאָז דערביי זיצען אַ קלוגע פרוי און אַכטונג געבען, אָבער אַריינמישען זיך זאָל זי נור דאַן, ווען די קינדער האַלטען ביי׳ם אָנטאָן אַ שאָדען זיך אַליין אָדער איינס דעם אַנדערן. לאָז זי זיי ווייזען דאָס און יענץ, דערצעהלען זיי אַ מעשה׳לע אָדער לערנען אַ פרעהליכען שפּיעל, אָבער אין אַלע איבריגע זאַכען דאַרף זי בלייבען לפנים גאַנץ פּאַסיוו, און דאָך אונערמיעדליך אַקטיו בעאָבאַכטען די כאַראַקטער־שטריכען, די נייגונגען און פעהיגקייטען, וועלכע ווייזען זיך קלאָר אַרויס נור אין אָט דער פרייער פאָרם פון שפּיעל. אויף אַזאַנ׳אופן דאַרף אויך די מוטער אַכטונג געבען, ווי אַזוי די קינדער שפּיעלען זיך, ווי אַזוי זיי בעהאַנדלען זייערע שפּיעל־חברים, וואָסערע נייגונגען זיי ווייזען אַרויס בעת׳ן שפּיעל, און זאַמלען וואָס מעהר מאַטע־ריאַל, אַריינמישענדיג זיך וואָס ווייניגער. די דאָזיגע לאַנג־דויערענדע, אַלזייטיגע, אָנגעשטרענגטע פּאַסיווע בעאָבאַכטונג פערשאַפט סוף כל סוף דער מוטער אַ מ ע ה ר אָדער ו ו ע נ י ג ע ר גענויע קענטנים פונ׳ם קינד; א י נ ג א נ צ ע ן קען אַ מענש קיין מאָל ניט דערקענען דעם כאַראַקטער פונ׳ם צווייטען, עס מעג אַפילו זיין אַ מוטער, וואָס האָט איהר קינד דאָס לעבען געגעבען און שענקט עס איהם טאָג־טעגליך אויף־ס׳ניי. ס׳איז דאָ אַ גאַנץ ריכטיגע מיינונג, אַז פונקט אַזוי ווי דאָס געבאָרען אַ קינד איז אַ צייכען פון פיזישער צייטינקייט, אַזוי איז דאָס ערציהען אַ קינד אַ סימן פון פּסיכישער צייטיגקייט. אָבער דורך זייער אונ־פעהיגקייט אַריינצוקוקען אין דער נשמה פונ׳ם קינד, פערבלייבען דאָס רוב עלטערן זייער גאַנץ לעבען אונצייטיג. זיי קענען זיין דורכגעדרונגען מיט די בעסטע פּרינציפּען, מיט דער גרעסטער

נעטרייקייט און איבערגעבענקייט זייער חוב, און צו דער זעלבער צייט — שטאָר־בלינד זיין געגען דער נאַטור פון די קינדער, לגמרי ניט פערשטעהן די ווירקליכע אורזאַכען פון זייערע האַנדלונגען און די פערשיעדענע פערבינדונגען, וועלכע קומען פאָר צווישען געוויסע אייגענשאַפטען פון כאַראַקטער.

מיר׳ן דערמאָנען איינינע פון די גרעבסטע טעות׳ן וואָס מען בענעהט געגען קינדער. אַ קינד, וואָס פערקוקט זיך נייגעריג אין אַ שפּיעגעל, בעשולדיגט מען אין קאָקעטעריי; אַ קינד, וואָס ענטפערט ניט, אָדער פאָלגט ניט, פאַר מורא, אָדער צומושט־קייט בעת מ׳ווענדט זיך צו איהם מיט שטרענגע אָדער אונפער־שטענדליכע ווערטער, רופט מען עקשן. אַ קינד, וואָס קען ניט ערקלערען זיינע האַנדלונגען אין אַזוינע קליינינקייטען, וואָס אפילו דערוואַקסענע פערלירען אין זיי אָפט דעם זכרון, אַזאַ קינד האַלט מען פאַר אַ ליגנער; און אויב דאָס קינד נעהמט עפּעס, ניט געפרעגטערהייט, ווייל עס האָט נאָך ניט קיין בע־גריף וועגען אייגענטום־רעכט, זידעלט מען עס: גנב! אַ קינד, וואָס זאָגט, דאָס ער וויים, אַז ער איז שלעכט, נור ער וויל אַזוי זיין, — האַלט מען פאַר אַנ׳עזות־פּנים און אַ פערדאָרבענעם; בעת אין דער אמת׳ן בעווייזט דאָס גאָר גראַדע פערקעהרט אַזאַ זעלבסטבעוואוסטען כאַראַקטער, וואָס מען קען אויף איהם ווירקען אויפ׳ן בעסטען אופן. אויב אַ קינד, וואָס איז אַריינ־געטאָן אין זיינע געדאַנקען, פערגעסט די אַלטעגליכע קליינינ־קייטען, זאָגט מען אַז ער איז אַ תם. און ווען אַ קינד ווייזט אפילו אַרוים ווירקליכע עקשנות, ליגנערשאַפט אָדער פוילקייט, דאַן ווערען אָט די פעהלערען בעטראַכט פאַר אַ צולאָזענקייט, בעת אין אמת׳ן שטאַמען זיי גאָר אָפט פון אַנ׳אַנדער פעהלער, וואָס ליעגט פיעל טיעפער און וואָס מיט איהם גאָר דאַרף מען קעמפען, אָדער אַמאָל, פערקעהרט, ליעגט גאָר די אורזאַכע

אין אַ גוטע אייגענשאַפט פון כאַראַקטער, וואָס מען קען נאָך לייכט איבערפיהרען, ווען מ׳זאָל דעם פעהלער בעקעמפפען מיט ניט געהעריגע מיטלען.

אָבער אפילו יענע היינטוועלטיגע עלטערן, וואָס זענען שוין פעהיג אַריינצוקוקען אין דער נשמה פון זייערע קינדער בעסער ווי די טאַטעס און מאַמעס פון אַמאָליגער וועלט, זענען פונדעסטוועגען אויך ניט אימשטאַנד צו שטודירען דעם כאַראַק־טער פון די קינדער, וואָס זענען שוין פון די צאַרטעסטע יאָהרען זייערע איינגעשפאַנט אין יאָך פון דעם קינדערגאָרטען און דער שול. דערפון, וואָס די עלטערן פערשטעהן ניט זייערע קינדער, שטאַמען עס יענע אַלע טעות׳ן און פעהלערען, וואָס זענען אָפט די סבה פונ׳ם טיעפען תהום צווישען קינדער און עלטערן, וואָס פערביטערט איצט דאָס לעבען פון אַ סך פאַמיליען. נור די מוטער און דער פאָטער, וואָס זענען מסוגל טיעף צו אַכטען די אינדיווידואַליטעט פון זייערע קינדער און צו גלייכער צייט דאָס גאַנצע לעבען אונערמידליך צו בעאָבאַכטען זיי, נור אַזוינע עלטערן קאָנען אויסמיידען דעם געוועהנליכען טעות פון הייגטיגער צייט, צו פערלאַנגען פון אַ דאָרנשטרויך וויינטרויבען. דאָס שטודירען מיט אַ טיעפזיכטיגען אויג די קינדערשע פסיכאָלאָגיע ברענגט מיט זיך די ענִיות׳דיגע צופריעדענקייט, ניט צו וועלען שאַפען דאָרטען, וואו עס איז קיין שטאָף צום שאַפען ניטאָ, אָבער פעהיג צו זיין צו ענטוויקלען יענע אייגענשאַפטען, וואָס געפינען זיך שוין אין דעם קינד׳ס נשמה. און דאָס וועט אָבהאַלטען אַ סך עלטערן צו פערלאַנגען פון זייערע קינדער אַזוינע איבריגע זאַכען, וואו די ענערגיע געהט לאיבוד און וואָס פערשאַפט אומזיסטע יסורים סיי די עלטערן סיי די קינדער.

אָבער דאָס שטודירען די פסיכאָלאָגיע פון אַ קינד, וואָס ווערט אָנגעהויבען פון זיין געבאָרען אָן און ווערט פאָרטגעזעצט

בעת זיין שפּיעלען, ביי זיין אַרבייט און זיין רוה; אַזאַ שטודיום, וואָס ווערט טאָג־טעגליך איבערגע׳חזר׳ט און אונטערזוכט, פערלאַנגט דעם גאַנצען מענשען. דאָס איז נור מעגליך פאַר אַ מענשען, וואָס האָט אונטער זיין השגחה ווייניג קינדער. אין סטאַדעס איז דאָס אונמעגליך, ווייל מאַססענווייז זענען די קינדער מעהר אָדער ווייניגער עהנליך איינס אויף דאָס אַנדערע, וואָס ס׳מאַכט די השגחה נאָך שווערער.

דער קינדער־גאָרטען איז נור אַ פאַבריק, און דאָס וואָס די קינדער לערנען, דאָרטען צו „אַרבייטען" לויט אַ פאַרטיגען מוסטער, אָנשטאָט צו קענטען זייערע לייס־קונעלעך לויט׳ן אייגענעם געשמאַק, דאָס קען דיענען פאַר אַ טיפּישען ביישפּיעל פון דעם פּראָצעס, וואָס ס׳מאַכט דורך דאָס קליינע מענשען־מאַטעריאַל, ד. ה. דאָס קינד אַליין. פון׳ם אונטערשטען פאַבריק־שטאָק (דער קינדער־גאָרטען) ווערען די אויסגעטאָקטע צאַצקעס אַרויפגעשיקט אויפ׳ן העכערען שטאָק (די שול) און פון דאַנען געהען זיי אַרויס — צוואַנציג אויפ׳ן טוץ!

דער צוועק אָבער פון דער שול־ערציהונג דאַרף זיין — גע־גענצוווירקען מיט אַלע כחות דער דאָזיגער טוץ־אַרבייט, וואָס איז אַזוי שטאַרק אין דער מאָדע היינטיגע צייטען. דאָס שאַפען אַ וואָס מעגליך גרעסערע צאָהל אינדיווידועלע שול־מעטאָדען וואָלט אפשר געקענט פערקלענערן די אָגולנע פּראָדוקציאָן פון שאַבלאָן־מענשען.

כל זמן עס עקזיסטירען נאָך גרויסע שטעדט, מוז מען פאַר די אָרימע קינדער דאָרטען שאַפען די מעגליכקייטען, וואָס ס׳האָבען די דאָרפישע קינדער: צו מאַכען זיך שפּיעלזאַכען פון׳ם וועלטעל וואָס אַרום זיי און אויסצופיהרען אין דער היימישער סביבה אמת׳ע „אַרבייט", ניט די שפּיעל־„אַרבייט" פון קינדער־גאָרטען, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט מיט דעם

ערנסט פון דערווירקליכקייט. א קלוגע מוטער אָדער לעהרערין נעהמט איבער פונ׳ם קינדערגאָרטען־סיסטעם פונקט אזוי פיעל, וויפיעל ס׳איז נויטיג אויף אויסצולערנען די קינדער צו בעאָב־אכטען די נאטור און זייער ארומיגע סביבה, אויף צו פערבינדען צייטענווייז זייער טעטיגקייט מיט א וואָסער־ס׳איז נוצליכען צוועק און זייער פערגעניגען מיט א וועלכען ס׳איז ערנסטען געדאנק.

דער פרעבעל־פרינציפ: ,,לאָמיר לעבען פאר די קינדער!״ דארף פערביטען ווערען אין אנ׳אנדער׳ן, מיט א רייכערן אינ־האלט: ,,לאָמיר די קינדער לאָזען לעבען!״.

און דאָס בעטייט אגב — בעפרייען די קינדער פון דער אויס׳חזר׳ן־דרעסירונג, פון די מעטאָדיק־פאָרמען, פון דעם סטאדעס־יאָך אין יענע יאָהרען, ווען די שטילע פערבאָרגענע ארבייט פון דער נשמה איז פונקט אזוי וויכטיג, ווי דאָס וואקסען פונ׳ם קערענד׳ל אין דער ערד! דאָס קינדערגאָרטען־סיסטעם אָבער איז גלייך צו דעם ווי מען לאָזט וואקסען די קערנדלעך אויף א טעלער, וואו ער לאָזט זיך פאנאנדער אפילו גאנץ שען — אָבער אויף א קורצע צייט.

די נשמות פון די דייטשען ווערען שוין אין קינדער־גאָרטען אויסגעמושטירט פאר׳ן מונדיר, און בכלל מאכט אומעטום די שול מיט איהר סטאדע־און מיליטער־גייסט א וועג פאר געזעל־שאפטליכער געמיינהייט און פערדאָרבענקייט. די מאָדערנע געזעלשאפט דערגעהט אזוי ווייט, אז זי חזר׳ט אָפט איבער די פערברעכענס פון אלע פערגאנגענע יאָהרהונדערטען, הגם אין פריוואטען לעבען קענען זיך די היינטיגע מענשען אפשר זיין גאנץ שענע לייט. ווארום די גרויסע פערברעכער, ויאָס פיהרען נאָך זיך די מאסע וואָלטען קיין מאָל ניט געקענט ברענגען די מאסע אין בעוועגונג, ווען זי וואָלט לחלוטין ניט געווען ערצויגען

אַלס מאַסע, צו האַלטען זיך בלינד אָן די אַלגעמיין־אָנגענומענע געזעצען פון עהרע, אַלגעמיין־אָנגענומענע פּאַטריאָטישע געפיהלען און קאָלעקטיווע בעגריפען פון פליכט און רעכט. דאָס קינד לערנט זיך אויס צו זיין געהאָרכזאַם זיין שול, לאָיאַל קעגען זיין קרייזעל חברים, און שפּעטער בנוגע צו זיין אוניווערזיטעט, זיין קאָרפּאָראַציע, זיין שטעלע — ס׳לערנט זיך דאָס אויס פריהער נאָך איידער ס׳בעוויזט צו פערשטעהן, ווי צו פערהאַלטען זיך עהרליך צו די פאָדערונגען פונ׳ם אייגענעם געוויסען, צום אייגענעם געפיהל פון רעכט, צו די אייגענע פערלאַנגען און נייגונגען. ס׳לערנט זיך אויס צו קוקען דורך די פינגער, צו פערגלעטען און פערפוצען, צו פערלייקענען די חטאים פונ׳ם אייגענעם חבר׳שען קרייזעל, פון דער אייגענער קאָרפּאָראַציע, פונ׳ם אייגענעם פאָטערלאַנד.

דערפון קומען עס אַרויס אויף דער וועלט איהרע דרייפוס־אַפּערען און איהרע טראַנסוואַאַל־מלחמות.

וויל מען ערציהען מענשען און ניט קיין מאַסע, דאַן דאַרף מען ווירקליך אָננעהמען דאָס ערציהונגס־פּראָגראַם פונ׳ם גרויסען מלוכה־מאַן שטיין: „ענטוויקלען יענע אַלע אימפּולסען, נייגונגען, וואָס פון זיי העננט אָב דער ווערט און די קראַפט פונ׳ם מענשען״. דאָס איז אָבער מעגליך נור, ווען מען לערנט דאָס קינד ווי מעגליך פריהער צו פערשטעהן די פרייהייט און די געפאַהר פון דער אייגענער בחירה, דאָס רעכט און די אחריות פונ׳ם אייגענעם ווילען, די תנאים און די אויפגאַבען פון די אייגענע נסיונות — געראַדע אַלזאָ דאָס, וואָס דער קינדער־גאָרטען אַרבייט אונבעוואוסט אַנטקעגען דעם, און וואָס ס׳איז מעגליך אויסצופיהרען נאָר אין אַ היים. אוועקשטעלען יעדען יחיד פּנים אל פּנים מיט זיין אייגענעם געוויסען — דאָס איז דער בעסטער רעזולטאַט פון דער ערציהונג. און

דאָס שליסט בשום אופן ניט אויס די מעגליכקייט פאַר דעם זעלבען יחיד ביסלעכווייז, שריט פאַר שריט צו פיהלען דאָס גליק און דאָס בעדערפנים צו זיין אַ נוצליכער פּרט, וואָס דיענט דעם כלל, אַ פריער אין דער־היים, דער־נאָך אינ׳ם חבר׳שען קרייזעל, אינ׳ם פאָטערלאַנד, און לסוף אין דער גאַנצער וועלט. דער אונטערשיעד איז נור, וואָס אין איין פאַל איז דער מענש אַ לעבעדיגע צעלע, וואָס ווירקט־מיט ביי׳ם אויפבויען לעבעדיגע פאָרמען, און אין אַנדער פאַל איז ער אַ ציעגעל, וואָס ווערט געברויכט אויף צום בויען מיט איהם!

אָבער דער קינדער־גאָרטען און די שולע שטעהען נידריגער פאַר דער אייגענער היים ניט נור בנוגע דער ענטוויקלונג פון דער פערזענליכקייט, נאָר אויך אין דעם פּרט פון ערציהען דעם געפיהל. אין דעם געשלאָסענעם קליינעם קרייז קען דאָס געפיהל ווערען איניג און אויפריכטיג; דאָ קען זיך ענטוויקלען די צערטליכקייט דורך די נאַטירליכע האַנדלונגען פונ׳ם היימישען לעבען. דער קינדער־גאָרטען אָבער און שפּעטער די שולע רייסען אָב די קינדער פון די נאַטירליכע היימישע פליכטען און שטעלען זיי געוויסע פאָדערונגען, וואָס קענען אויסגעפיהרט ווערען בלויז אין סטאַדעס. דאָ טרעט דאָס קינד אַריין אין פיעל אויבערפלעכליכע פערהעלטניסען, און דערפון ווידער איז דער פועל־יוצא — אויבערפלעכליכקייט פון געפיהל. אָט דערין בעשטעהט עס טאַקי די גרויסע געפאַהר פון דעם צו־פריה אָנגעפאַנגענעם שול־לעבען, פונקט אזוי ווי דאָס צו־איינזייטיגע היימישע לעבען איז געפעהרליך דערמיט, וואָס דאָרטען ווערט דאָס געפיהל שוין צופיעל קאָנצענטרירט, ווערט שוין צופיעל פערטיעפט.

אין די ערשטע צוועלף יאָהר פונ׳ם קינד שטעלט זיך איין דאָס געפיהל און עס בעקומט זיין ענדגילטיגע ענטוויקלונג, וואָס שפּיעלט די ענטשיידענע ראָלע אויף דאָס גאַנצע לעבען.

דעריבער האָט די הויזליכע ערציהונג אין די דאָזיגע יאָהרען פונקט אזא וויכטיגע בעדייטונג, ווי דאָס לעבען פון די קינדער אין א געזעלשאפט פון גוטע חברים שפּעטער, ווען זיי האָבען שוין אריבערגעטרעטען דעם צוועלפיעהריגען עלטער. די גאנצע אינטעלעקטועלע ענטוויקלונג לויט די אויסגעצייכענטסטע מע־טאָדען, אלע סאָציאַלע געפיהלען האָבען קיין שום ווערט ניט, אויב אין זייער יסוד ליגט ניט די ענטוויקלונג פון דעם אינדיווי־דועלען געפיהל. אום צו האָבען אין קאָפּ א ווירקליכען גלייכגע־וויכט, מוז מען ערגייץ־וואו אין קערפּער אויך פערמאָגען א הארץ. און נור דער וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו ליעבען א קליינע צאָהל נאָהענטע מענשען מיט אזא טיעפער ליעבע, אז ער קען פאַר זיי שטארבען, וועט אימשטאנד זיין צו לעבען שען פאַר א סך.

* *

*

אָבער איך וואָלט וועלען אריבערפיהרען א היים ניט נור דעם קינדער־גאָרטען, נאָר אויך די קליינקינדער־שולע. דאָרטען קאָן מען איינאָרדנען אזא אלזייטיגע השגחה, וואָס אין אַנ׳אַל־געמיינער שולע איז זי גאָר קיינמאָל ניט מעגליך; דאָרטען קאָן דאָס קינד בעפרייט ווערען פון אזא גייסטיגע שפּייז, וואָס עס פערלאַנגט ניט און וואָס ס׳איז איהם אין זיינע יאָהרען גאָר ניט נויטיג. אין דער הויזליכער שולע קען מען איין קינד אָנהויבען לערנען לייענען פריער, דאָס אנדערע שפּעטער; בעפריעדיגען די ארבייטסלוסט פון איינעם און דעם חשק צום לעזען פונ׳ם אנדערן; מיטווירקען דער קערפּערליכער ענטוויקלונג און דעם בקגרייפען דאָס אויסערליכע ווירקליכע לעבען דורך הויזליכע ארבייט, שפּיעלען און שפּאַציערען אויף דער פרייער נאַטור.

דעם אונטעררי‌כט דאַרף מען אָנהויבען נור דאַן, ווען דאָס קינד אַליין פערלאַנגט עטוואָס צו הערען אָדער עטוואָס צו טאָן, וואָס דערצו פאָדערען זיך קענטניסען. דעם קינד וועט אינצווייען לייכטער זיין צו 10 יאָהר לערנען דאָס, וואָס עס לערנט איצט צו אַכט יאָהר, און צו אַכט יאָהר דאָס, וואָס עס לערנט איצט צו זעקס, ווען עס וועט אָנהויבען לערנען מיט אַן׳ענטוויקעלטער בעאָבאַכטונג און מיט אַ לעבעדיגער ארבייטסלוסט. אַ שולע קען קיינמאָל ניט אַריינדרינגען אין די אייגענאַרטיגע פסיכאָ־לאָגיע פון יעדען קינד בעזונדער; זי קען ניט איינאָרדנען קיין פערשיעדענע מעטאָדען פון אונטערריכט פאַר די פערשיעדענע נאַטורען; זי איז ניט אימשטאַנד איינצושטעלען אַ ריכטיגע צוזעפּאַסטע צייט פאַר׳ן לערנען דעם און דעם געגענשטאַנד און פאַר׳ן אויסרוהען פון איהם. די הויזליכע שולע אָבער מיט אַ קליינע גרופּע גוט אויסגעוועהלטע חברים בלייבט אַלעמאָל דער בעסטער אופן פון אונטערריכט. ווענדען די גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט אויף צו ענטוויקלען די אינדיווידואַליטעט איז מעגליך נור דאַן, ווען מען זאָל לגמרי איגנאָרירען די שטונדען־צוטיילונגען און די פּראָגראַמען. אַנדערש איז ניט מעגליך קיין ווירקליך־לעבעדיגער אונטערריכט. וועגען די מעלות פון דער מאָדערנער שולע געגען דעם הויזליכען אונטערריכט איז אפילו ניט ווערט צו רעדען. די „אָרדנונג" פון דער שולע, איהר „מעטאָדע", איהר „סיסטעם", איהר „דיסציפּלין" — וואָס די פערטרעטער פון דער שולע שטעלען זיי אַרויס אַלס איהרע מעלות — זענען פון מיין שטאַנדפּונקט לויטער פעהלער. געוועהנען אַ קינד צו ערפילען זיין פליכט, צו אַרבייט און רעגעל־לערער, פּינקטליכער טעטיגקייט, וואָס דאָס געהערט צו אַ געזונטער ערציהונג, קען די הויזליכע שולע דערגרייכען מיט אַ סך ווייניגער געקינסטעלטע מיטלען, מען שטעלט אַרויס נאָך

אנ׳אנדער איינגעבילדעטע מעלה פון דער שולע, אז דאָס קינד ווערט דאָרט אַ מיטגליעד פון אַ קליינער געזעלשאַפט, וואָס זי לערנט איהם סאָציאַלע פליכטען! אין אמת׳ן אָבער איז די היימישע סביבה די בעסטע ערציהערין פאַר סאָציאַלע פליכטען, דאָ איז די נאַטירליכע געזעלשאַפט, וואו דאָס קינד לערנט צו זיין טעטיג און צו העלפען איינס דעם אנדערן.

דעם איינציגען אייגענטליכען ווערט, וואָס די שולע גיט — דאָס חבר׳שאַפטליכע לעבען — קען געבען אויך די הויזליכע שולע, נור אָהן די געפאַהרען פון אָט דער חבר׳שאַפט אין דער סטאַדע־שולע. מיט די דאָזיגע געפאַהרען מיין איך ניט בלויז די שלעכטע איינפלוסען, נור, קודם כל, די קאָלעקטיווע פערטעמפונג אונטער׳ן מיינונגס־דרוק פונ׳ם רוב, וואָס ס׳קומט פאַר אינ׳ם סטאַדע־לעבען; די מורא פאַר דער „אַלגעמיינער מיינונג״, פאַר׳ן חוזק־מאַכען, די מורא, וואָס דער יסוד פאַר איהר ווערט געלעגט שוין אין די פריהעסטע קינדהייטס־יאָהרען, ווען די צאַרטע נשמה׳לעך זענען אַזוי לייכט אָפען פאַר אַזוינע איינפלוסען. די קלענסטע אָבווייכונג פון דער אָנגענומענער מאָדע אין דער קליידונג, אינ׳ם געשמאַק, ווערט אָהן רחמנות אויסגע־לאַכט, און ווען מ׳וואָלט געמאַכט אַנ׳אַנקעטע איבער די ליידען פון די קינדער דורך די טיראַניי פונ׳ם חבר־לעבען, די טיראַניי, וואָס טרעט אַרויס דאָ אין האַרטערע, דאָ אין ווייכערע פאָרמען — דאַן וואָלט די איינרעדעניש, אַז אין אָט דעם פּרט קען גאָר קיין בעסערע שולע ניט זיין, געוויס פערלאָרען דעם באָדען! דערצו קומט נאָך די שול־דיסציפלין, ביי וועלכע אַלע יונים האָבען איין פנים, און דריקט אויף דער פערזענליכקייט פון אויבען, בעת דער חברים־קרייז פרעסט זי פון אַלע זייטען.

די ערשטע ערציהונג מוז דעריבער האָבען דעם ציעל, צו שטאַרקען די אינדיווידואַליטעט. די גאַנצע ביאָגראַפישע

ליטעראַטור זאָגט כמעט איינשטימיג עדות דערויף, ווי וויכטיג עס איז, אז די גלאַטשיג מאַכענדיגע „געזעלשאַפטליכע ערציהונג“ פון דער שולע זאָל זיך ניט אָנהויבען צו פריה! דאָס וואָס אָט די ערציהונג הויבט זיך איצט אָן צו פריה, איז אויך איינע פון די אורזאַכען, פאַר וואָס „מיר טרעפען אזוי אָפט אזוי פיעל קלוגע קינדער, אָבער אויך אַזויפיעל, נאַרישע ערוואַקסענע מענשען“.

כמעט אַלע גרויסע מענער און פרויען, וואָס זענען געווען זעלבסטשטענדיגע דענקער און זעלבסטשטענדיגע שאַפער, האָבען בעקומען זייער בילדונג טיילס גאָר ניט אין קיין שולע. אַ טייל פון זיי האָבען זיך אַליין שוין אַלס דערוואַקסענע מענשען גענומען צו בילדונג, אַנדערע האָבען זייער בילדונג ערוואָרבען ניט מיט אַמאָל, און ווידער אַנדערע — אין פערשיעדענע שולען. ס׳רוב עלוים האָבען בעקומען זייער בילדונג דורך אַ צופאַל, דורך דאָס לעבעדיגע צוקוקען זיך צו אַלץ ארום, דורך אַ בוך, וואָס מ׳האָט געלעזען בעהאַלטענערהייד, אָדער זוכענדיג און אויסקלייבענדיג אַליין דעם שטאָף פאַר זייער ענטוויקלונג.

געטהע׳ס ערציהונג איז אין דעם פאַל אַנ׳אידעאַלע, אויב מען זאָל ניט רעכענען דאָס ביסעל קפדנות מצד זיין פאָטער. ביי זיין מוטער׳ס ארבייטס־טיש לערנט ער די ביבעל; פראַנצויזיש לערנט ער פון אַ טעאַטער־טרופע; ענגליש — ביי אַ שפראַך־לעהרער צוזאַמען מיט׳ן פאָטער; איטאַליעניש — הערענדיג ווי מען לערנט עס זיין שוועסטער; מאַטעמאַטיק — ביי איינעם אַ הויז־פריינד. די מאַטעמאַטיק בענוצט געטהע גלייך: צוערשט ביי זיינע קאַרטען־אַרבייטען, שפעטער ביי זיינע אַרכיטעקטור־צייכנונגען. די אויפזאַצען זיינע פיהרט ער אין דער פאָרם פון אַ קאָרעספאָנדענץ אין פערשיעדענע שפראַכען צווישען מעהרערע ברידער און שוועסטער, צושפרייטע אין פערשיעדענע לענדער, און ער לערנט בהתמדה געאָגראַפיע פון רייזע־בעשרייבונגען,

אום צו קענען געבען די שילדערונגען זיינע אַנ׳אָרטליכען קאָלאָריט! ער וואַנדערט אַרום מיט׳ן פאָטער, לערנט זיך צו צוקוקען פערשיעדענע מלאכות, פיהרט אוים קליינע שליחות׳ן א. א. וו.

אָבער, — וועט מען טענה׳ן געגען דעם — ניט אַלע מענשען זענען דאָך געניעס. און געראַדע דער רוב, יענע אַלע, וואָס האָבען ניט קיין דייטליך אויסגעשפּראָכענע פעהיגקייטען, דאַרפען נויטיג די שולע. נאָר — צו גלויבט מען דען, אַז דער צוזאַמענהאַנג צווישען דער אָריגינאַליטעט און דעם אונרעגעלמעסיגען שולבעזוך איז מעהר ניט ווי אַ צופאַל־זאַך?! וויפיעל דערשטיקטע אָריגינאַליטעטען האָט די שולע צו פערצייכענען איהר חטאים־רייסטער! אויסערדעם קומט אוים לויט דער דאָזיגער טענה, אַז ביי אַנ׳אָרימאַן דאַרף מען נאָך צונעהמען דאָס לעצטע; דער וואָס בעזיצט ניט קיין אָריגינעלע פערזענליכקייט, ווערט אין דער שולע געצוואונגען צו פערלירען דאָס ביסעל אָרימקייט, וום ער וואָלט קענען אָנרופען זיין אייגענס.

די אַמאָליגע שולע, מיט איהר חזר׳ן אויסוועניג אַ צוויידריי למודים, מיט איהרע ס׳רוב שלעכטע לעהרער, וואָס די שילער האָבען ביי זיי געקענט שלאָפען אָדער שטיפען, מיט איהר טרוקענעם לאַטיין־אונטערריכט, — אָט די שולע קומט אונז אוים ווילד. אָבער זי איז געווען וועניגער שעדליך פאַר דער פערזענליכקייט, איידער די איצטיגע שולע מיט איהרע גרינדליכע הכנות, מיט איהרע אינטערעסאַנטע לעקציעס, מיט איהרע פערפאָלקאָמטע מעטאָדען און אויסגעצייכענטע לעהרער, וואָס רוימען דעם שילער אָב יעדעס שטיינדעלע פון וועג און גרייטען איהם צו זיינע גייסטיגע שפּייז אַזוי געשמאַק, ווי ס׳איז נאָר מעגליך, אַפילו שוין צעקייט! און גראָד אָט די גוטע שולע לעגט מיט איהר איבערטריבענער פיעלזייטיגקייט דעם יסוד פאַר די נערוועז־צורודערונג פון אונזער צייט און דורך די גייסטיגע

אבנעלאַזענקייט, וואָס הערשט דאָרטען, רופט זי ארויס די אלע חסרונות און צרות פון אונזער עפּאָכע.

דאָס שטילסטע, געהאָרכזאמסטע קינד האלט מען פאר דאָס בעסטע שול־קינד. דאָס הייסט אז די סאמע שוואכע און פּארבלאָזע נאטורען ווערען ארויסגעשטעלט פאר א „מוסטער", און אויף אזא אופן ווערען שוין אין דער שולע פערפלאָנטערט און צעדרעהט די בעגריפען פון גוט און שלעכט. וואָס פאסיווער עס זענען דער גוף און די נשמה פון קינד, וואָס לייכטער עס לאָזט זיך דרעסירען, אלץ בעסערע רעזולטאטען ערווארט פון איהם, פון איהר שטאנדפונקט, די שולע. די אָנפיהרער פון שטי־פערייען, די פער׳עקשנ׳טע אינדיווידועלע און די איינזייטיג אָריגינעלע קינדער זענען אין דער שולע אמת׳ע מארטירער פאר זייער טעטיגקייטס־לוסט, פאר זייער ווידערשפעניגען גייסט און פאר זייערע „משוגעת׳ן". בלויז א בעשטימטער זאָרט לייכטע, ליעבענסווירדיגע, רייך־בעגאבטע נאטורען קענען דורכגעהן די שולע איינינערמאסען פערהיטענדיג זייער אייגנארטיגקייט, אין נאָך בעקומען דערצו א גוטען אטעסטאט פאר פלייסיגקייט, גוטע מדות, אָרדנונג און פאָרטשריט.

אין דער אויסגעצייכענטער מאָדערנער שולע ווערט די צערטליכע, קינדערשע פערזענליכקייט אריינגעפרעסט אין ראהמען, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, זי ווערט ארויסגעשליידערט אין ווינד און וואלען, ווי א קליין שטיינדעלע אויפ׳ן ברעג ים. דאָ ווערט דאָס קינד געטראָפען פון איין וואלענשלאָג נאָך דעם אנדערן, טאָג פאר טאָג און זמן פאר זמן! א קלונג — דריי פער־טעל שעה רעליגיאָן; א צווייטער — פונקט אזוי פיעל געשיכטע; א דריטער — פונקט אזוי פיעל האנדארבייט; א פיערטער — פונקט אזוי פיעל פראנצויזיש; א פינפטער — ווידער אזוי פיעל נאטורוויסענשאפט. אויף מאָרגען נייע למודים אין נייע קליינע

פּאָרציעס. אויף נאָכמיטאָג — הויז־אויפגאַבען און שרייבענישען וואָס ווערען צוגעגרייט און פונאַנדערגעטיילט, און נאָכדעם מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט פעררירכט. פונקט אזוי ווערען אויסנעפרעגט די געמאַכטע לעקציעס לויט דער בעסטער מעטאָ־דיק, נאָכדעם ווי די מוטער האָט זיי שוין אויסגעהערט אין דער היים. אונטער דער קלאַפּעריי פון אָט די כוואַליעס ווערט בע־טויבט דער מוח, ס׳ווערען פערטעמפּט און פערשטומט די נשמות, אי פון די לעהרער, אי פון די שילער. אַפילו די לעבע־דיגסטע לעהרער צאַפּלען זיך אין אַ פערשפּאַרטען שטייג פון פּאָדערונגען און איינרעדענישען, פון אונבעדינגטע „כויטוועדיג־קייטען" און מעטאָדישע „פּרינציפּען". נור זעלטען ראַטעוועט ערגיץ איינער זיין נשמה, ווערענדיג אַ פאָלשטענדיגער סקעפּ־טיקער. אַנדערע מאַכען פון די קלייניגקייטען אַ גאַנצען ווזען, וואָס דערפון העננט אָב דעם מענשענס גליק און לעבען. אַנדערע ווידער טוען נור און שטרעבען צו מאַכען פערענדערונגען אין קלייניגקייטען, האַלטען זיך עצות וועגען פערבעסערען נישטיגע פּרטים! אָבער יעדע טיעפע ענדערונג — דאָס הייסט, יעדע רעאָרגאַניזאַציע, וואָס ריהרט אָן ניט די מעטאָדען, נור דעם פּרינציפּ — ווערט צושלאָגען אָן דעם סיסטעם, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטען פון דער מלוכה: אָן דער אונטערטעניגקייט פון די עלטערען דעם דאָזיגען סיסטעם; אָן דער אונפעהיגקייט פון די פּעדאַגאָגען, גוט אַרומצוטראַכטען און צו בעגרייפען די פאָלגען פון אָט דעם סיסטעם; אָן דער אַלגעמיינער מורא פאַר ראַדיקאַלע היילמיטלען.

דאָס ציעל פון דער שולע — ווי אויך פון דער פאַמיליע און געזעלשאַפט — דאַרף בעשטעהן דערין, אַז פערמעהרענדיג שטענדיג און פערגרעסערענדיג דעם מענשענס קראַפט און גליק, קעמפּפענדיג אָהן אויפהער געגען אַלע שעדליכע איינפלוסען,

וואָס דריקען און שטיקען דאָס לעבען, זאָל זי שטרעבען און ווירקען צו ענטוויקלען אַלץ העכערע פאָרמען פון לעבען.

די איצטיגע שולע אָבער ווירקט גראָד גענגען אָט דעם ציעל. ס'איז אַ גרויסער טעות, ווען מען ברענגט די צאָהל פון די שולען, זייער אויסגעצייכענטען וויסענשאַפטליכען מאַטעריאַל און אַזוי ווייטער אַלס אַ ראיה פאַר דער בילדונג פון אַ פאָלק. די ענטשיידענע בעדייטונג האָט נור דאָס, ווי מען פיהרט אין דער שולע דעם אונטערריכט, ווי מען געברויכט דעם וויסענ־שאַפטליכען מאַטעריאַל, וואָס פאַר אַ לימודים דאָרט ווערען געלערנט!

*　*

*

פאַר דאָס קינד, ווי פאַר'ן דערוואַקסענעם, איז ריכטיג געטהע'ס וואָרט, אַז גליק איז די ענטוויקלונג פון אונזערע פעהיגקייטען. ביי דעם נאָרמאַלען קינד קען מען פריה ענטדעק־קען, אין וואָס עס בעשטעהט זיינע פעהיגקייטען, און זיכער מאַכען זיין גליק דערמיט, וואָס מ'וועט איהם געבען די מעגליכ־קייט צו ענטוויקלען זיי. אָבער עס גיט אויך אַלגעמיין־מענשליכע פעהיגקייטען, וואָס זענען אייגען יעדען נאָרמאַלען מענשען, און די ענטוויקלונג פון אָט די פעהיגקייטען קען איהם ברענגען זיין גליק. צו די דאָזיגע פעהיגקייטען געהערט, למשל, דער זכרון, וואָס דער היינטיגער מענש האָט איהם כמעט אינגאַנצען פער־לאָרען. מיר שיטען טאָג־טעגליך אש — זאָגט מאַקס מיללער, — אויף די גלות פון די זכרונות, בעת די מענשען פון די פערגאַנגענע דורות וואָלטען געוועזן בכח צו בעהאַלטען אין זכרון די אוצרות פון אונזער היינטיגער ליטעראַטור! צו אָט די פעהיגקייטען געהערט אויך, צוםביישפיעל, די דענק־קראַפט, ניט אין דעם

זין פון פילאָזאָפישען דענקען, נור אין איינפאַכערען זין פון בעאָבאַכטען, מאַכען אויספיהרונגען און אורטיילען. און פריהער פון אַלץ איז דאָס געפיהל איינע פון די אַלגעמיין-מענשליכע פעהיגקייטען וואָס ווערען אונטערדריקט פון דער היינטיגער שולע.

די מיינונג, אַז מאַטעמאַטיק און גראַמאַטיק ענטוויקלען די פעהיגקייטען פון שכל, איז אין גרונד אַ פאַלשע איינרעדעניש. דאָס קומט ערשט פאַר דאַן, ווען מען האָט דערגרייכט אין אָט די למודים אַ העכערע מדרגה. אָבער ס'איז ניטאָ קיין איין מענש, וואָס זאָל ערנסט קענען זאָגען, אַז די טעזען *) און היפּאָטעזען (השערות), די זאַצען און פּראָבלעמען, די כללים און אויסנאַהמען פון דער מאַטעמאַטיק און גראַמאַטיק, וואָס האָבען אין זיין קינדהייט איהם בעלעסטיגט זיין מוח, זאָלען איהם מיטעלבאַר אָדער אונמיטעלבאַר ברענגען נוצען ביים בעאָבאַכטען די נאַטור אָדער די מענשען און העלפען איהם מאַכען אפילו איין איינציגע אויספיהר, אַרויסטראָגען אפילו איין איינציגען בעשלוס. און איך האָב פון מאַטעמאַטיקער און שפּראַכענפאָרשער געהערט די זעלבע אפיקורסות, וואָס איך זאָג דאָ אַרויס, אַז מאַטעמאַטיק און גראַמאַטיק, אויב מ'לערנט זיי ניט ספּעציעל אַלס וויסענשאַפטען, דאַרפען בעשרענקט ווערען ביז דעם אויסערסטען מינימום. אויב איינער האָט פעהיגקייט און חשק צו מאַטעמאַטיק, דאַן פערשאַפט איהם נאַטירליך דאָס שטודירען די וויסענשאַפט פערגניגען דערמיט, וואָס זי ענטוויקעלט זיינע פעהיגקייטען נאָך אַ געוויסער ריכטונג; דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם, וואָס איז פעהיג צו שפּראַכען-שטודיום. אָבער פאַר

---

*) אין דער לאָגיק הייסט עס אַזאַ געדאַנק, וואָס זיין אמת דאַרף ערשט בעוויזען ווערען דורך אַנדערע געדאַנקען.

די אַלע, וואָס האָבען ניט אַזעלכע ספּעציעלע פעהיגקייטען, האָבען די דאָזיגע למודים קיין שום בילדונגס-ווערט ניט, וואָרום די פעהיגקייטען צו בעאָבאַכטען נאַטור און מענשען, צו מאַכען אויספיהרונגען און צו אורטיילען, בלייבט פונקט אַזוי אונענטוויקעלט נאָכ׳ן לייזען די אויפגאַבען פון מאַטעמאַטיק און נאָכ׳ן אויסלערנען די כללים פון גראַמאַטיק, ווי פאַר דעם.

נור דאָס לעבען — דאָס לעבען פון דער נאַטור און פון מענשען — דאָס אַליין נור ערציהט פאַר דאָס לעבען.

אַלץ, וואָס די וועלט פון דער נאַטור און די וועלט פונ׳ם מענשען שטעלט פאַר אין פערשיעדענע לעבענס-פאָרמען, אין שענהייטס בילדער, אין אופנים פון אַרבייט און אינ׳ם גאַנג פון די ענטוויקלונגס-פּראָצעסען, דאָס אַלץ, קאָן מיט דער הילף פון דער נאַטורוויסענשאַפט, געאָגראַפיע, געשיכטע, קונסט און ליטעראַטור, געבען ווירקליכע ווערטען פאַר׳ן זכרון, קען לערנען דעם פערשטאַנד צו בעאָבאַכטען, צו אונטערשיידען און צו אורטיילען, קען אָנוואַרימען דאָס געפיהל און מיט זיין שטאַרקער וואַרימקייט דעם גאַנצען פערשיעדנאַרטיגען שטאָף אין יענע איינהייט צוזאַמענשמעלצען, וואָס זי אַליין הייסט נור בילדונג. ווירקליכקייטען — אָט דאָס איז, מיט איין וואָרט, דאָס, וואָס הויז און שולע דאַרפען געבען די קינדער אין גרויסע, רייכע, וואַרימע שטראָמען, און ניט פערהאַלטען די דאָזיגע שטראָמען מיט קיין שום קאַנאַלען און דאַמבעס פון מעטאָדיק, סיסטעמאַטיק, איינטיילונגען אויף קורסען און עקזאַמענס.

ס׳האָט ביי מיר נאָך קיין מאָל ניט געטראָפען, אַז איך זאָל לייענען אַ פּעדאַגאָגישען פּלפּול און די שענע ווערטער: „זעלבסטשטענדיגקייט״, „אינדיווידועלע ענטוויקלונג״, „פריייע בחירה״, זאָלען מיר ניט דערמאָנען אין דער מוזיק פון די מענשען-פרעסער בשעת זיי בראָטען אויפ׳ן פייער זייערע מענשען-

קרבנות. וואָרום ווי עס קומט צו דער פּראַקטיק — דאַן זענען די אָנמערקונגען און די אויסנאַהמען, וואָס דער פאָרשטעהער פון יעדען למוד וויל צוגעבען, פשוט לעבערליך מיט זייער נישטיגקייט אין פערגלייך מיט די הויכע פּרינציפּען, וואָס קלינגען אונז ארויס פון די דאָזיגע פּעדאַגאָגישע מעטאָדעס. סוף כל סוף ווערען די קינדער ווייטער געבראַכט פאַר קרבנות די בילדונגס־אידעאַלען, די פּעדאַגאָגישע סיסטעמען און די עקזאַמענס־פאָדערונגען, פון וועלכע מ'האָט קיין מוט ניט אָבצוזאָגען זיך.

די אייבינע זינד פון דער שולע געגען די קינדער איז דאָס, וואָס זי רעדט שטענדיג וועגען דעם קינד. למשל: האַנד־ווערק און קונסט־האַנדאַרבייט האָט געוויסע גוטע ווירקונגען אויף דאָס קינד; בכן דאַרף די האַנדאַרבייט אריין אין דער שול־פּראָגראַם און אַלע קינדער דאַרפען פון איהר בעקומען נוצען. אָבער — עס ניט "קינדער", וואָס פאַר זיי איז די האַנדאַרבייט פּונקט אַזאַ דערווידערדיגער און אוננוצליכער צוואַנג, ווי לערנען לאַטיין. דאָס קינד, וואָס וויל זיין אריינגעטאָן אין בוך, טאָר ניט געצוואונגען ווערען צום האַנדווערק, פּונקט ווי מען טאָר ניט צווינגען צו ליטעראַטור דאָס קינד, וואָס פיהלט זיך גליקליך ביים הובעל־באַנק!

אַלע רייד וועגען „האַרמאָנישער אויסבילדונג" דאַרפען אָבגעשיקט ווערען אַהין, וואו ס'איז זייער פּאַסיגסטער אָרט, — אין די פּעדאַגאָגישע קיך־וויסענשאַפט. האַרמאָנישע ענטוויקלונג איז געוויס דער שענסטער רעזולטאַט פ'ן א מענשענס בילדונג. אָבער אַזאַ ענטוויקלונג קען דערגרייכט ווערען בלויז דורך די אייגענע בחירה. וואָרום זי פאָדערט האַרמאָניע צווישען די אייגענע פעהיגקייטען פונ'ם אינדיווידיאום, און ניט האַרמאָניע לויט'ן רעצעפּט פון דער פּעדאַגאָגיק. די שולע האָט צו דעם קיין שייכות ניט.

איינצעלנע רעפאָרמען אין דער היינטיגער שולע האָבּע קיין שום בעדייטונג ניט, כל זמן ס׳ווערט דורך זיי בעוואוסטזיניג ניט פאַרבּערייטעט יענע גרויסע איבּערקערענים, וואָס זאָל חרוב מאַכען די גאַנצע איצטיגע ערציהונגס־סיסטעם און זאָל פון איהר ניט איבּערלאָזען אַ שטיין אויף אַ שטיין. יע, ס׳וואָלט געמוזט קומען אַ פּעדאַגאָגישער מבול, וואָס נאָך איהם זאָלען בּלייבּען געראַטעוועט אין דער נייער נח׳ס תבה נאָר: מאַנטיין, רוססאָ, ספּענסער און די נייע קינדערפּסיכאָלאָגישע ליטעראַטור! און ווען די תבה וואָלט זיך דאַן אָבשטעלען אויף דער יבשה, וואָלטען די מענשען ניט קיין שולען געבּויט, נאָר ווייַנגערטנער געפלאַנצט, וואו די לעהרער וואָלטען געהאַט די אויפגאַבּע „אויפצוהויבּען די וויינטרויבּען צו די ליפּען פון די קינדער״, אָנשטאָט צו נעהרען די קינדער, ווי איצט, מיט׳ן קולטור־זאַפט, וואָס איז שוין הונדערט מאָל צומישט מיט וואַסער!

די שולע האָט נור איין גרויסען ציעל: זיך אַליין אָבצושאַפען און אָנשטאָט דעם סיסטעם און די געקינסטעלטע פּלאַנען צו דערלאָזען די הערשאַפט פון זעלבּסטשטענדיגקייט, פון לעבּען און גליק.

שוין פון קינדער־גאָרטען אָן איז איצט דאָס קינד, ווי געזאָגט, נור אַ מאַטעריאַל, וואָס ווערט פאָרמירט דאָ מיט בּייזע, דאָ מיט פריינדליכע הענד. וואָרום אַפילו די ווייכסטע, די בּעשיינפערליך פרייעסטע מעטאָדע פיהרט צו איינזייטיגקייט בּיי די זעלבּע אַרבּייטען, די זעלבּע איינדריקען, דער זעלבּער דיסציפּלין, טאָג פאַר טאָג, יאָהר פאַר יאָהר. און, אויסערדעם, אַזוי ווי די שול טיילט קיין מאָל ניט איין איהרע קלאַסען לויט דעם טעמפּעראַמענט און לויט די פעהיגקייטען פונ׳ם קינד, נור לויט זייער עלטער און זייערע ידיעות, ווערען דעריבּער די פעהיג־ערע קינדער פער׳משפּט צו אונערטרעגליכער לאַנגווייליגקייט

און צו פטר'ן אָהן א סוף צייט, וואַרטענדיג אויף די אַנדערע אָבגעשטאַנענע.

שוין ביי'ן סאַמע אָנפאַנגס־אונטערריכט דאַרף מען אויסנוצען די זעלבסט־בעאָבאַכטונג און די זעלבסט־טעטיגקייט פונ'ם קינד אַלס ערציהונגס־מיטלען און לייט־פאָדים, פאַר דעם לעהרער אין זיין בעאָבאַכטען דאָס קינד.

אויב די דאָזיגע בעאָבאַכטונג וואָלט געווען א טיעפע, דאַן וואָלט מען פון איהר קענען אַרויסדרינגען ניט אַלגעמיינע כללים, נור לויטער בעזונדערע פרטים. איין קינד דאַרף זיך פערנעהמען מיט לעזען אָדער מיט ספאָרט אָדער האַנדאַרבייט אין א גאַנץ פערשיעדענעם מאַססטאַב, איידער דאָס אַנדערע קינד; איין קינד קען פריהער דערגרייכען די מעגליכקייט צו געניסען די בילדונגס־מיטלען פון בעזוכען מוזעען און מאַכען רייזען (אמבעסטען צופוס) און א. וו., און אַנ'אַנדער קינד — שפעטער. דאַן וועט די מאָס נויטווענדיגע למודים בעגרענצט ווערען ביז צום מינימום. וואָרום יעדער מענש דאַרף גאָר ניט האָבען קיין פעק מיט למודים, אום צו וויסען אין לעבען, וואו איין און וואו אויס. גוט לייענען און ריכטיג אַרויסרעדען די קלאַנגען; שרייבען מיטביידע הענד; מאָלען איינפאַכע זאַכען, אַזוי, אַז מ'זאָל זיך קענען פערשטעהן אַזוי גוט אויף בילדער שריפט ווי אויף בוכשטאַבען־שריפט, ווייל דאָס אי'ז א קונסט, וואָס מ'דאַרף גאָר ניט האָבען דערצו קיין קינסטלערישען טאַלענט; ווייטער, פראַקטישער אונטערריכט פון געאָמעטריע, וואו עס פאָדערט זיך מעהר אויג, ווי קאָפּ. די פיער כללים פון אריטמע־טיק או דעצימאַלברוך — (צעהנטעל־תשבורת); געאָגראַפיע אַזוי פיעל מ'זאָל זיך קענען אָריענטירען אין א קאַרטע און אין א צייט־טאַבעלע; נאַטור־וויסענשאַפט אין אַזא מאָס, אַז מ'זאָל האָבען א גרונד־בעגריף וועגען די איינפאַכסטע פאָדערונגען

פון היניענע; און לסוף די ענגלישע שפראך, וואס איז נויטיג אינ׳ם וואקסענדער פערקעהר מיט דער גאנצער וועלט. דאס אלץ איז נויטיג און גענוג פאר׳ן קינד, אום עס זאל זיך קענען אליין פונאנדערקלייבען אין ביכער און אין לעבען. נאך בעסער וואלט געווען, ווען מ׳וואלט דערצו נאך אויסלערנען פעררריכטען א זאק, צונעהען א קנעפעל און אריינשלאגען א טשוועק.

אין דער וייטערדיגער בילדונג פונ׳ם קינד דארף אויך ליגען דער פרינציפ צו לערנען איהם נור דאס, וואס איז אמנויטיגסטען פאר זיין ענטוויקלונג, פאר זיין גליק. דאן איז די בילדונג ווי אנ׳אויסגעהאפטע בעצירונג אויף אנ׳איינפאכען בגד. און אט די אויסהאפטונג בעקומט איהר גאנצען ווערט דורכדעם, וואס דער מענש האט זי געמאכט אליין מיט די הענד, אבער ניט לויט בעשטימטע פאבריק־מוסטערן מיט דער מאשין.

בשעת עס וועט געלעגט ווערען דער אנגעוויזענער, פאר אלעמען גלייכער, יסוד, דארף מען געבען די קינדער די מעגליכקייט צו פערטיעפען זיך אינ׳ם יידישען פאסטוכער־לעבען פונ׳ם תנ״ך, אינ׳ם לעבען פון די גריכישע און צפון־אייראפייאישע געטער און העלדען אינ׳ם לעבען פון די פאלקס־לעגענדען און פון דער נאציאנאלער געשיכטע, אבער נור דורך די ביכער, וואס די קינדער בעקומען צום אונטערהאלטונגס־לעזען. ביי היינטיגען טאג אבער מאכט מען פון דאס אלץ לויטער שול־למודים.

וויבאלד אז דער יסוד איז איינמאל אוועקגעלעגט, דאן וועט די שולע פון דער צוקונפט --- וואס דארף זיין די שולע פאר אלעמען --- די אלגעמיינע בילדונג פארטזעצען, אבער לויט א פראגראם, וואס איז צוגעפאסט פאר יעדען אינדיווידואום. אין אין דער שולע, וואס איך טרוים וועגען איהר, וועט ניט זיין ניט קיין אטעסטאטען, ניט קיין בעלוינונגען; עס וועט ניט זיין קיי אנדערע „צייטיגקייט־עקזאמענס“, ווי נור דורך געשפרעכען.

ביי אָט די געשפּרעכען וועלען ביי די עקזאַמענאַטאָרען האָבען אַנ־ענטשיעדענע בעדייטונג ניט פּעדאַנטישע קליינינקייטען, נור די גאַנצקייט פון דער בילדונג, די אַלגעמיינע קענטניסען. צו דעם דאָזיגען צוועק וועלען די לעהרער אַרומשפּאַצירען מיט די קינדער אויף דער פרייער נאַטור, אום דאָ רוהיג צו ערפאַהרען, וואָס די קינדער ווייסען פון דער נאַטור, פון די מענשען, פון די פער־גאַנגענע צייטען און פון דער איצט־צייט.

און דעם אונטערריכט, וואָס האָט אָט דעם ענדציעל פון דער בילדונג, וועט דער לעהרער פיהרען פונקט פערקעהרט ווי איצט. דער לעהרער וועט לאָזען די קינדער אַליין מאַכען אייגענע בע־אָבאַכטונגען; ער וועט די שילער ווייזען דעם וועג ביים אויס־קלייבען ביכער און דעם אופן, ווי מ׳דאַרף אַרבייטען, אָבער ער וועט זיי ניט געבען צוערשט זיינע אייגענע בעאָבאַכטונגען, אורטיילען און קענטניסען אין דער פאָרם פון לעקציעס. פאַרטיגע בעאָבאַכטונגען און עקספּערימענטען. אמאָל קען דער לעהרער פערלאַנגען פון דעם שילער א ניט פאָרבערייטעטען מונדליכען אָדער שריפטליכען רעפעראַט, כדי צו דערגעהן, ווי ווייט גרינדליך זענען די ידיעות פונ׳ם שילער אין דעם למוד; אַנ׳אַנדערס מאָל, ווען ער האַלט דעם שילער פאַר גענוג ענטוויקעלט דערויף, קען ער איהם געבען אַלס בעלוינונג פאַר די זעלבסטשטענדיגע אַרבייט, א צוזאַמענפאַסונג, אַנ׳אַלגעמיינעם איבערבליק איבער דער אויפגעגעבענער וויסענשאַפט. דערצעהלען אַנ׳איינדרוק, וואָס דערוואַרימט און וועקט; לסוף, קען ער פאָרנעהמען עקספּע־רימענטען, לויט דעם אייגענעם וואונש פון די שילער. אָבער די הויפּט־אַרבייט פון דעם לעהרער וועט בעשטעהן דערין, צו לערנען דעם שילער מאַכען זיינע אייגענע בעאָבאַכטונגען, צו לייזען זיינע אייגענע אויפגאַבען און צו געפינען זיינע אייגענע הילפס־מיטלען — אין ביכער, לעקסיקאָנען, קאַרטען און

דעסגלייכען; זעלבסטשטענדיג בייצוקומען זיינע שוועריגקייטען און אויף אזא אופן צו דערגרייכען דעם איינציגען מאָראַלישען לוין פאַר זיין מיה: אַ פערברייטערטען פערשטאַנד, קרעפטען, וואָס ער, דער שילער, האָט ערצויגען אין זיך דורך איינענעם קאַמפף.

ניט דער שילער, וואָס זיצט און הערט און זעהט די ער־קלערונגען און עקספּערימענטען פונ׳ם לעהרער, קען זיך אויס־לערנען בעאָבאַכטען נאַטור און מענשען; ניט דער שילער, וואָס זיין שרייב־העפט ווערט אויסגעבעסערט מיט דער שטרענגסטער גענויאיגקייט לערנט זיך אויס שרייבען; און ניט דער, וואָס פיהרט פּינקטליך אויס גאַנצע סעריען מאָדעלען פון האַנד־ארבייט, קען זיך אויסלערנען מאַכען אַ וואָסער־ס׳איז געצייג פאַר דער אַלטעגליכער ארבייט! געבען דעם שילער די מעגליכ־קייט אַליין צו מאַכען ערפאַהרונגען; אַליין צו געפינען די אָנגע־דייטע פעהלער; אַליין אויסצוטראַכטען זאַכען, וואָס דאַרפען זעלבסטשטענדיג אויסגעפיהרט ווערען, — איבערהויפּט ניט צו פעררריכטען איינצעלנע קלייניגקייטען, סיידען די פעהלער זענען שוין צו גרויס, אַז זיי קענען אָבנעהמען ביי׳ם שילער פיעל צייט אויף אַליין צו פעררריכטען; געבען דעם שילער די מעגליכקייט, זעלבסטשטענדיג זוכען צו געפינען די ריכטיגע, די פּאָלקאָמענע מיטלען, ווי אַזוי מ׳דאַרף ארבייטען און אויסדריקען די געדאַנקען, — אָט דאָס איז ערציהונג, אָט דאָס איז בילדונג!

די לעהר־ביכער וועלען אַלע זיין פול מיט קראַפט און לוסט. די כרעסטאָמאַטיע וועט פערשווינדען און די יוגענד וועט בעקומען אין האַנד די גרויסע ביכער, די אָריגינאַלען, פער־שטעהט זיך, אין בעאַרבייטונגען, אויב זיי וועלען בעלעסטיגט זיין מיט אַ סך איבעריגע פּרטים. די שול־ביבליאָטעק וועט זיין דאָס גרעסטע, שענסטע און וויכטיגסטע לעהר־צימער, און דאָס

אַרויסגעבען ביכער פון דער שולע וועט זיין אַ וויכטיגער טייל פון דער לעהר־טעטיגקייט.

איך שטעל מיר פאָר יעדע צוקונפטס-שולע אַרומגערינגעלט מיט אַ גרויסען גאָרטען, וואו דאָס געפיהל פון שענקייט זאָל קענען געפינען זיינע אונמיטעלבאַרסטע שפייז, ווי עס איז שוין דער פאַל יעצט אין פערשיעדענע שולען. די קינדער וועלען אַליין פלאַנצען די בלומען אין דער שולע און אין דער היים, ארייננעהמען זיי דערנאָך אין שטוב, אום צו בעפוצען דעם „פענסטער־גאָרטען״, וואָס וועט ווינטער זיין אין אַלע שול־צימערן. דאָס וועט דאַן זיין דער נאַטירליכסטער אופן, ווי אַזוי צו מאַכען דעם איינפאַכסטען פון אַלע שענהייטס-גענוסען פאַר אַנ׳אַלגעמיינע בעדערפענים.

דורך בוכבינדעריי, סטאָלעריי און אַנדערע מ׳לאכות, פונקט אַזוי ווי דורך גערטנעריי און ספּאָרט וועט מען דאַן בעקומען די נאַטירליכע גימנאַסטיק, וואָס האָט אַ פיעל גרעסערע ערציהונגס־בעדייטונג איידער די מעטאָדישע גימנאַסטיק. די איינזייטיגקייט און צוועקלאָזיגקייט פון דער מעטאָדישער גימנאַסטיק איז פאַר די יוגענד אַ פּיין. זי דאַרף נאָר פאָרקומע אין די טעג, ווען דאָס שלעכטע וועטער מאַכט אונמעגליך קערפּערליכע איבונגען אונטערן פרייען הימעל. געוויס קאָן די גימנאַסטיק ווערען לעבעדיגער, ווען מ׳זאָל זי פערבינדען מיט פיזיאָלאָגיע און היגיענע, פונקט אַזוי ווי די מאַטעמאַטיק ווערט אינטערעסאַנטער, ווען מ׳פערבינדט זי מיט האַנד־ארבייט און צייכענען. אָבער קיינמאָל קענען זי ניט פערגלייכט ווערען מיט דעם ווערט, וואָס ס׳האָט די נאַטירליכע פרייע בעוועגונג.

צוזאַמען מיט׳ן גאָרטען וועט די צוקונפטס־שולע האָבען אין הויז אַ זאַל און אויסער׳ן הויז אַ ספּאָרט־פּלאַץ פאַר טאַנצען און ווירקליך פרייע שפּיעלען, דאָס הייסט אַזוינע, וואו נאַכדעם,

ווי די קינדער האָבען זיך שוין אויסגעגערנט די שפּיעלען, זאָל מען זיי איבערלאָזען אליין. א שפּיעל, וואָס פיהרט זיך שטענדיג אונטער די אויפזיכט פון לעהרער, ווערט א נאָכקרימענים.

און פונקט ווי אמאָל ביי די גריכען, ווערט דאָס ציעל פון דער פיזישער ערציהונג זיין ניט בלויז די ענטוויקלונג פון קראַפט, נור אויך די אויסבילדונג פון שענקייט.

דורך פערשיעדענע מלאכות און גאָרטען־ארבייט ווערט אין דער מאַטעמאַטיק און פיזיק אין א סך פאַלען פערשפּאָרט זיין צונויפצושטעלען פארטיגע לעקציעס פאַר די קינדער, נור לאָזען זיי אליין מאַכען ענטדעקונגען. לויט דער אויס־חזר'ן־מעטאָדע דערוויסט זיך דאָס קינד, אז דער קערנדיל וואַקסט אין וואַרימקייט און פייכטקייט. לויט דער ערציהונגס־מעטאָדע זייהט דאָס קינד אליין דעם קערנדיל און זעהט, וואָס עס קומט פאָר. אפילו איצט שוין טוט מען אזוי אין אייניגע שולען, אָבער נור אלס בעווייז פאַר א פריער געגעבענעם כלל. דערין טאַקי בעשטעהט גראַדע דער טעות פון דער מאָדערנער שולע, וואָס אָנשטאָט צו געבען דעם קינד צייט און געלעגענהייט, אליין פון די אייגענע פראַקטישע בעאָבאַכטונגען ארויסצוגעפינען און אויפצושטעלען די כללים, נעהמט זי זיך צו בעשטעטיגען מיט אילוסטראַציעס איהרע שוין פאַרטיג־געגעבענע כללים.

אין דעם צוקונפטיגען שול־בנין וועט גאָר ניט זיין קיין קלאַסען־צימערן. אָבער דאָ וועלען זיין פערשיעדענע זאַלען מיט א רייכען מאַטעריאַל פאַר פערשיעדענע למודים, און נעבען זיי אויך ארבייטס־צימערן, וואו יעדערער וועט האָבען זיין בעשטימ־טען פלאַץ פאַר זיינע זעלבסטשטענדיגע בעשעפטיגונגען. געמיינזאַמע פערהערעניסען קענען פאָרקומען נור דאַן, ווען א גרעסערע צאָהל שילער איז גרייט און פערלאַנגט פערהערט צו ווערען אין דעם זעלבען למוד, אָבער יעדער קען זיך מעלדען צום

פערהערען אונאבהענגיג איינער פונ׳ם אנדער׳ן. אין יעדען צימער און אויך אין דרויסען פונ׳ם שול־בנין וועלען ארכיטעקטור און דעקאָראַציע צוזאמען שאפען א שענעם גאנצען בילד. און די פריישטעהענדיגע קונסט־ווערק, וואָס וועלען אויסערדעם בעפוצען די שולע, וועלען טיילס זיין אָריגינאלען, טיילס אָבגע־גאָסענע סטאטוען און קאָפּיעס פון בעריהמטע אָריגינאלען.

נור אויף אזא אויפן ווערט געוועקט ווערען דאָס קונסט־געפיהל, אָבער ניט דורך דירעקטען אונטערריכט וועגען קונסט, זאָל זיין אין דער שולע אָדער אפילו דורך בעזוכען מוזעען. די ליעבע צו קונסט ערוואכט נור דורכדעם, וואָס מען איז ארומ־גערינגעלט מיט קונסט־ווערק, וואָס מ׳נעהמט זיי אויף, מען בעגרייפט זיי רוהיג און פריי. פערלויפט מען אָבער אפריהער דאָס שטילע לאנגזאמע וואקסען פון דער ליעבע צו קונסט דורך ביכער־אונטערריכט, דאן מאכט מען מוטנע אפילו דאָס וואסער פון אָט דעם לעבעדיגען קוואל. דאָ, אזוי ווי אומעטום, צושטערט דאָס אריינדרומלען אין קאָפּ די פריידע פון די אייגענע ענטדעקונגען: דער וואָס ווערט שטענדיג ארומגעפיהרט פאר׳ן האנד, פערלירט גראדע די פעהיגקייטען אליין צו זעהן מיט די אייגענע אויגען. בנוגע צו קונסט, ווי בנוגע צו ליטעראטור און רעליגיאָן, איז יעדער אונטערריכט שעדליך, כל זמן די יוגענד האָט אליין ניט אויסגעקליבען עפּיס דערפון אלס א ספּעציעלע וויסענשאפט. פּארטיגע בוך־קענטניסען מאכען טויט; דאָס אייגענע דורכפיהלען מאכט לעבעדיג. אָבער די וואָרצלען פונ׳ם געפיהל קענען לייכט געשעדיגט ווערען.

וואָס איז שייך די מוזעען־בעזוכען אונטער דער השגחה פונ׳ם לעהרער, זענען זיי ערשט דאן נוצליך, ווען דער שילער האָט שוין זעלבסטשטענדיג געמאכט זיינע ענטדעקונגען. אָט דאָס דאַרף דער לעהרער מיטהעלפען. ביי׳ם לערנען די געשיכטע

פון גריכענלאַנד, למשל, זאָל ער פאָדערן פון דעם שילער אַ שילדערונג פון די גריכישע סקולפּטאָרען, וואָס מ'קען זיי געפינען אין דעם און דעם מוזעאום; ביים לייענען צ. ב. וועגען די מלחמות פון האָללאַנד פאַר איהר בעפרייאונג — אַ בעשרייבונג פון די האָללענדישע בילדער און אַ. וו. ערשט נאָכדעם, ווי דער שילער האָט אויף אַזאַ אופן אליין אלץ בעטראַכט און בעאורטיילט, וועט אַ סינטעז*) פון זיינע ערפאַהרונגען ביים בעזוכען מוזעען ברענגען נוצען. דאָס גילט אויך בנוגע נאַטורוויסענשאַפטליכע, היסטאָרישע און עטנאָגראַפישע מוזעען, וואו דאָס ארומפיהרען אין זיי גרופּענווייז ברענגט זעהר קליינע רעזולטאַטען פאַר יענע קינדער, וואָס האָבען נאָך פון פריהער אליין ניט געמאַכט קיין ערפאַהרונגען.

פונקט אזוי ווי צווישען די ביכער פון דער שולע דאַרף זיך געפינען די בעסטע ליטעראַטור, סיי אין אָריגינאַל, סיי אין גוטע, לייכטע איבערזעצונגען, אַזוי דאַרפען דאָרטען זיין אויך אַרטיקלען, וואָס זאָלען קענען נוצען ברענגען די, וואָס אינטערעסירען זיך מיט קונסט. איבערהויבט איז ניטאָ קיין גרעסערער אונזין אין דער היינטיגער ערציהונג, ווי דאָס גענויע אויסזוכען ביכער, וואָס „פּאַסען" פאַר דעם אָדער יענעם עלטער. דאָס דאַרף זיין אין העכסטען גראַד אינדיווידועל און דאָס קען נור ענטשיידען ווערען דורך די פרייע בחירה פון קינד. רייניגען די קינדער־ביכער און געבען דער יוגענד די פרייהייט, צו לייענען די גרויסע (קלאַסישע) ליטעראַטור, דאָס איז אַ גרונד־בעדינג פאַר די געזונדטע ענטוויקלונג פון אָט דער יוגענד. צו דעם, וואָס ס'איז נאָך פאַר'ן קינד צו־פריה, וועט עס אליין קיין חשק ניט האָבען. אז אַ צעהניאָהריגעס קינד פערטיעפט זיך אין געטהע'ס „פאוסט" — איך ווייס אַזוינע פאַלען — דאַן בעקומט עס אַ

*) סינטעז — לאָגישע געדאַנקען־פערבינדונג.

לעבענס־איינדרוק נאָך זיינע יאָהרען נאָך, און דאָס וועט איהם ניט שטערען צו בעקומען פון דעם זעלבען ווערק צו צוואנציג יאָהר אַנ'אַנדער איינדרוק און צו דרייסיג, צו פערציג יאָהר ווידער אַנ'אַנדערן. קיין „געפאַהרען" פון דער גרויסער ליטע־ראַטור קומט לגמרי ניט ארויס. דאָס וואָס ס'רייצט־אויף עלטערע, בעריהרט גאָר ניט דאָס קיהלע געפיהל פונ'ם קינד. און אַפילו ווען די קינדער דערגרייכען שוין דעם עלטער, ווען זייערע שלאָפענדע געפיהלען ווערען לייכט רייצבאַר, איז אויך דאַן האָבען אויף זיי זעהר זעלטען די ווערק פון די גרויסע גייסטער, וואָס שילדערן די אונפערדעקטע נאַטירליכע זאכען, א שלעכטע ווירקונג. די מאָדערנע ראָמאנען טוען דאָס, איבערהויבט די פראַנצויזישע און די דאַמען־ראָמאנען, וואָס בעפלעקען די פאנטאזיע, פערפעלשען די ווירקליכקייט און פערדארבען דעם געשמאַק!

די קינדער קענען איצט ניט פערבלייבען אין אונוויסענ־הייט, ווען די אונפערשטענדיגע עלטערן זאָלען עס אַפילו וועלען. און יענע אומריינע ידיעות, וואָס מ'בעקומט אויף א גראָבען אופן און בסוד, וועלען האָבען א גרעסערע מאַכט איבער די נשמות פון יענע קינדער, וואָס די ערציהער זייערע און די איינ־דריקען פון דער קלאַסישער ליטעראַטור און פון דער קלאַסישער קונסט האָבען ניט געווירקט אבצוהיטען דעם פשוט־אוננע־קינסטעלטען ערנסט צו די נאַטירליכע ערשיינונגען.

דאָס פערשוויינען און בעהאַלטען אונטער א שלייער פון געהיימניסען, פערקעהרט, צורייצט, פערפיהרט און פערדארבט, פאַר די קינדער, וואָס זענען שוין דורכדעם פערדאָרבען געוואָרען, וועט אַפילו דער תנ"ך זיין א בוך, וואָס רייצט די געפיהלען, פונקט אזוי ווי די נאַקעטע שילדערונגען פון דער נייסטער ליטעראַטור. אָבער אויף דעם רוהיגען געפיהל פון פערשטעהן

די נאַטירלעכע ערשיינונגען קען געגרינדעט ווערן אַן׳אמת׳ע אונשולד. און נור דורך אמת׳ע אונשולד ווערט דאָס לעבען, פונקט אזוי ווי די קונסט און די ליטעראַטור, גרויס און געזונד.

אין די ווערק פון די גרעסטע גייסטער עפענט זיך פאַר אונז אויף אַן׳אונענדליכע וועלט, וואָס די עראָטיק (געשלעכטליכע ליידענשאַפטליכקייט) איז אין איהר נור א מאָמענט, און דאָס קיהלט זי שטאַרק אָב. די פאַנטאַזיע מוז אויסערדעם בעקומען נעהרונג, כדי זי זאָל ניט אויסגעצעהרט ווערען. טאָ זאָל זי בעקומען דאָס בעסטע פאַר איהר שפּייז. זאָל דאָס קינד צוערשט שעפּען דאָס פון מעשה׳לעך און דערנאָך פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. נאָכמעהר דערפאַר, וואָס אויב ניט געלעזען אין דער יוגענד, בלייבט די קלאַסישע ליטעראַטור אָפט אינגאַנצען ניט געלעזען, ווייל די פערשיעדענאַרטיגע נייעסען פון דער מאָדערנער ליטעראַטור הויבען שפּעטער אָן צו פערכאַפּען דעם אינטערעס.

צו קענען גוט זעהען — אין די וועלטען פון נאַטור, מענש און קונסט — און צו קענען גוט לייענען, דאָס זענען צוויי גרויסע ציעלען, וואָס די ערציהונג פון הויז און פון שולע דאַרף צו זיי שטרעבען. ווען דאָס קינד קען אָט דיביידע זאַכען, קען עס כמעט אַלע אַנדערע זאַכען לערנען אַליין. אין איין וועג וואָלט איך נאָך וועלען אָנווייזען דערויף, אַז א געזונדטע ענטוויקלונג פון דער פאַנטאַזיע האָט ניט נור אַן׳עסטעטישע, נאָר אויך אַן׳עטישע בעדייטונג, זי איז א גרונד־בעדינגונג פאַר א סימפּאַטיע, וואָס ברענגט צו טעטיגקייט. א מאַסע גרויזאַמקייטען ווערען, צום ביישפּיעל, איצט בעגאַנגען דורך מענשען, וואָס זענען אין דער נאַטור ניט קיין שלעכטע, נאָר זיי האָבען ניט קיין גענוג־ענטוויקעלטע פאַנטאַזיע, אום איינצוזעהן, ווי זייערע מעשים ווירקען שלעכט אויף אַנדערע.

אין מיין געטרויממע שולע -- נאָכדעם ווי עס וועט געלעגט ווערען דער אויבען דערמאָנטער גרונד -- הערשט וואהל-פרייהייט אין אלע למודים. די שולע לעגט נור די לימוד פאָר, זי צווינגט אָבער קיינעם ניט זיי אָנצונעהמען. אינאיינעם מיט דער ענגלי-שער שפּראַך לערנט מען אין שול דייטש און פראַנצויזיש, נאַטורוויסענשאַפט און מאַטעמאַטיק, געשיכטע און געאָגראַפיע. די מוטער-שפּראַך לערנט מען דורך פלייסיגע איבונגען אין רעדען, לייענען און שרייבען; אָבער די גראַמאַטיק, וואָס איז אין דעם פאַל פאַר די בילדונג און אויסאַרבייטונג פון א שפּראַך גאַנץ איבעריג, געהערט צום ספּעציעל-וויסענשאַפטליכען שטו-דיום, און ניט צו דער אַלגעמיינער בילדונג. פאַר די פרעמדע שפּראַכען ווערט אויך אָנגעווענדעט אזוי פיעל גראַמאַטיק, וויפיעל ס'איז אונבעדינגט נויטווענדיג בעקאַנט צו ווערען מיט דער ליטעראַטור, דאָס איינציגע ציעל, וואָס די אַלגעמיינע בילדונג דאַרף האָבען אין זינען. די אָבער, וואָס ווילען זיך אויסלערנען גיך און גוט רעדען און אָן פעהלערען שרייבען אויף די שפּראַכען, דאַרפען צוליעב דעם לערנען א לענגערערע צייט. די, וואָס בעהערשען די ליטעראַטור, קענען שוין לערנען דאָס איבעריגע זעהר לייכט. דער, וואָס איז גוט בעקאַנט מיט א פרעמדע ליטעראַטור, וועט אויף דער שפּראַך פון אָט דער ליטעראַטור אָנשרייבען, הגם מיט פעהלערן, א סך א בעסערן בריעף, ווי דער, וואָס קען צוזאַמענשטעלען בריעף אָהן פעהלערן נור לויט די כללים פון גראַמאַטיק. ווען א קינד איז דורך דער שפּרעך-מעטאָדע אזוי ווייט געקומען, אז עס פערשטעהט שוין א לייכטערעס בוך, דאַן זאָל דאָס קינד מיט א ווערטער-בוך אין האַנד נעהמען לייענען א בוך נאָך א בוך און דאָס דורכגעלייענטע איבערדערצעהלען אויף אויסווענדיג. אָט אזוי ווערט געלעגט דער יסוד צום קענען די ליטעראַטור. אָבער ניט צו די שוין פאַרטיגע

מיינונגען פון דער ליטעראַטור געשיכטע! אין דער היימישער, אזוי ווי אין דער אויסלענדישער ליטעראַטור, דאַרף מען די יונגענד פיהרען צו דער עצם זאַך, ניט ווי איצט צום אָבגעשפּי־געלטען בילד, צום ים, ניט ווי איצט צו דער קינסטליכער אָזערע. פיהרענדיג דאָס שפּראַך־שטודיום, דאַרף דער לעהרער צוגלייך שטרעבען, צו העלפען דעם שילער אין אויסקלייבען ביכער, ווי ווייט מעגליך, אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַנדערע למודים. ער רעקאָמענדירט, למשל, די ליטעראַטור, וואָס איז פערבונדען מיט׳ן שטודיום פון היסטאָריע, נאַטור־וויסענשאַפט און געאָ־גראַפיע. פון צייט צו צייט מאַכט דער לעהרער אַן׳איבערזיכט פון דאָס געלערענטע, ער לייענט עפּיס פאָר, אָדער ער וועקט ביי די שילער דעם חשק אַליין פאָרצולעזען א שיר, וואָס זיי געפעלט. אָבער צו׳הרג׳ענען דעם פּאָעט, דאָס הייסט, צוהאַקען דאָס ווערק פון א דיכטער אויף סטראָפען און קלאַסיפיצירען זיי — איז פערבאָטען. די קינדהייט איז די בעסטע צייט אויף אויס־צולערנען שפּראַכען. אויף יעדע פרעמדע שפּראַך קען אָבגעגעבען ווערען א פּאָר יאָהר. אָבער לערנען עטליכע פרעמדע שפּראַכען מיט אמאָל איז ניט גוט. פריער מוז געלערנט ווערען איין שפּראַך. ערשט דאַן, ווען דער שילער בעזיצט אין איהר א מעהר אָדער ווייניגער גרינדליכע קענטניס, זאָל ער אָנהויבען לערנען א צווייטע שפּראַך.

די וואָס ווילען פאָרטזעצען דאָס לערנען צייכענען אָדער אויסלערנען זיך א וואָסער ס׳איז מלאכה, קענען דאָס פעראייניגען מיט׳ן לערנען די הויפּט־למודים. כאָהר געזאַנג דאַרף אויך פאָרקומען דאָס גאַנצע יאָהר אַלע טאָג, אין הויז און אויף דער פרייער לופט, נאָר בלויז אַלס מיטעל אויסצודריקען געפיהלען, אָבער ניט אויף אויסצובילדען מוזיקאַלישע פעהיג־קייטען, הגם דער געזאַנג קען אויך געבען דעם שטויס צו

ענטדעקען מוזיקאלישע טאלענטען.

וואָס איז שייך צו די פיער הויפּט־למודים — געשיכטע און געאָגראַפיע, נאַטורוויסענשאַפט און מאַטעמאַטיק — דאַרפען זיי ניט געלערנט ווערען אַלע אין איין צייט.

אין מיין געטרוימטער שולע לערנט מען, למשל, מאַטע־מאַטיק אום ווינטער; זי פּאַסט זיך טאַקי פאַר די קאַלטע און קלאָרע ווינטער־לופט! אָבער אין פריהלינג און אין הערבסט שטודירט מען דעם גאַנצען טאָג די נאַטור דרויסען אין דער נאַטור גופא, ניט יעדעס געביט פון דער נאַטור אַלס אַ בעזונ־דערן למוד, נור, פערקעהרט, די ידיעות אין געאָלאָגיע, באָטאַניק און זאָאָלאָגיע ווערען ערוואָרבען אין אנ׳אומצוטרענליכען צו־זאַמענהאַנג. אויסלערנענדיג דורכ׳ם לעבעדיגע בעטראַכטען אַלע פּרטים, בעקומען די שילער נאָכדעם אין אַ לעבעדיג־צוזאַמענגעשטעלטען לעהר־בוך אין גרויסע שטריכען אנ׳אַלגע־מיינעם איבערבליק פון דעם, וואָס זיי האָבען זיך אויסגעלערנט דורך זייערע פינף געפיהלען, אָדער זיי מאַכען אליין — אין רעגענטעג — פונקט אזא שריפטליכע און אילוסטרירטע איבער־זיכט. די אַלגעמיינע בילדונג בעשטעהט ניט דערין, צו וויסען די צאָהל שטויב־פעדימלעך פון עטליכע הונדערט בלומען אָדער די צאָהל ביינער פון אַ סקעלעט. אָבער צו קענען פאָרשען און פאָלגען די געזעצען פונ׳ם לעבען און פון דער ענטוויקלונג אין דער נאַטור ארום אונז; אליין צו בעאָבאַכטען און צו קאָמבינירען איהרע ערשיינונגען — אָט דאָס הייסט אַלגעמיינע בילדונג, אָט דאָס ווירקט אויפ׳ן געפיהל און פאַנטאַזיע, פונקט אזוי גוט, ווי אויף דאָס דענקען און אויפ׳ן כאַראַקטער. דער מענש קומט אַלס דאָס לעצטע גליעד אין דער ענטוויקלונגסקייט. און דאָס שטור־דידען דעם מענשען האָט, פונ׳ם שטאַנדפונקט פון דער פיזיאָלאָגיע און היגיעניע, דעריבער אויך געדאַרפט זיין דאָס

לעצמע אינ׳ם שול־פראָגראַם. אָבער די פסיכאָלאָגיע פון קינד פאָדערט, אַז דער שול־אונטערריכט זאָל זיך פערענדיגען מיט יענע וויסענשאַפטען, וואָס לעגען דעם יסוד פאַר די קענטניס פון דער אָרגאַנישער נאַטור, דאָס הייסט מיט פיזיק און כעמיע.

אין די נאַטור־וויסענשאַפטען הויבט מען שוין אָן צו ברעכען מיט דער פאַלשער מעטאָדע, אומצוקעהרען זיך אין די ווייטערדיגע, פערברייטערטע קורסען אימער צוריק צו דעמזעלבען למוד. אַזוי דאַרף מען אויך דאָס קינד לאָזען אויף געוויסע צייטען פערטיעפען זיך אין געשיכטע אָדער געאָגראַפיע, אום נאָכדעם די דאָזיגע למודים אינגאַנצען צו פערלאָזען. דאָס אייביגע אומדרעהען זיך אין איין קרייזעל, דאָס מאָהלען ווי אין א מיהל, דאָס חזר׳ן אויף אויסוועניג — דאָס אַלץ, וואָס האָט אַלס ענדעציעל דעם עקזאַמען, וועלען פערשווינדען אינאיינעם מיט׳ן עקזאַמען. די ערפאַהרונג, אַז די קליינע איינצעלהייטען פון אַלע למודים גליטשען זיך אַרויס פון זכרון אין א פאָר חדשים אַרום נאָכ׳ן עקזאַמען, און אַז ס׳רוב הויך־געבילדעטע מענשען האָבען קיין שום פאָרשטעלונג ניט פון דעם, וואָס זיי האָבען מיט אַלע קליפערלעך ערוואָרבען אַמאָל אין די שולען, בעת די איינדריקען פון גאַנצע געגענשטאַנדען האָבען געהאַט אַ׳אײנפלוס אויף זייער נשמה און אויף זייער הארץ, אויף זייער ווילען און כאַראַקטער,— אָט די ערפאַהרונג וועט דאָך אַמאָל אָנגעווענדעט ווערען אין דער ערציהונג.

אין מיין געטרוימטער שולע וועט דער, וואָס אינטערעסירט זיך, צום ביישפּיעל, מיט געשיכטע, קענען פערווענדען די ווינטער־מאָנאַטען אויף לייענען ווערק וועגען אָט דער וויסענשאַפט, בעת אַנדערע פערטיעפען זיך אין מאַטעמאַטיק אָדער געאָגראַפיע. אין פריהלינג קענען אָט די „היסטאָריקער" און „געאָגראַפען" מיטגעהן אויף שפּאַציערען אַלס פאַסיווע

צוהערער, בעת די „נאַטור־וויסענשאַפטלער" זאַמלען קאָ־לעקציעס, צייכענען, מאָלען און מאַכען בעאָבאַכטונגען אונטער מיקראָסקאָפּען... איין גרופּע שילער קען, למשל, לערנענדיג געאָגראַפיע בעקומען אַ פאָרשטעלונג וועגען אַ צוזאַמענהאַנג צווישען דעם לעבען פון דער נאַטור און דעם לעבען פון׳ם מענשען, און דאָס קען דערוועקען די גרופּע אין קומענדיגען יאָהר צו נעהמען אַנטייל אין לערנען געשיכטע אום ווינטער און נאַ־טורוויסענשאַפט אין פריהלינג און אין הערבסט. אַל׳די פער־שיעדענע קאָמבינאַציעס, וואָס עס קענען זיך אויסטראַכטען די עלטערען, לעהרער און שילער, קענען דאָ נור ווערען אָנגעצייכענט. אין לעצטען פועל יוצא וועט פונדעסטוועגען אויף אַמאָל געלערנט ווערען נור צוויי למודים, און נאָכדעם, ווי דער שילער האָט פון זיי בעקומען יענע גאַנצע בילדונג, וואָס ער קען אויף דער שטופע פון זיין ענטוויקלונג אין זיך אויפנעהמען, וועלען אָט די למודים פערביטען ווערען אויף אַנדערע, און ערשט שפּעטער וועט מען זיך צו זיי ווידער אומקעהרען, אויב עמיצער וועט זיך וועלען ספּעציאַליזירען אין דער אָדער אין יענער ריכטונג. אָנשטאָט דער צוטרענונג און צוברעקלונג פון די למודים, וואָס צושפּלי־טערט אין דער איצטיגער שול די אינטערעסען און די קרעפטען, וועט אין דער נייער שול זיין די הויפּט־אויפגאַבע די קאָנצענט־רירונג. ווען די בעשרייבונג פון די מלחמות וועט אין דער געשיכטע פערנעהמען פונקט אַזאַ בעשרענקטען פּלאַץ, ווי ס׳פערנעהמט איצט די קולטור־געשיכטע, דאַן וועט די היסטאָריע ווירקליך קענען ווערען דאָס איינציגע, וואָס זי דאַרף זיין פאַר די אַלגעמיינע בילדונג: די געשיכטע פון דער מענשליכער ענטוויק־לונג. זי וועט מיטטיילען די וויכטיגירע שטריכען פון דער עטנאָ־גראַפיע און דער סאָציאָלאָגיע; זי וועט בעקאַנט מאַכען מיט די עקאָנאָמישע פּרינציפּען, מיט׳ן לעבען פון גרויסע פערזענליכקייטען,

מיט דער געשיכטע פון רעליגיאָנען, קונסט און ליטעראַטור. ביי דעם אונטעררעיכט פון נאַטור־וויסענשאַפט און מאַטעמאַטיק וועלען געגעבען ווערען שילדערונגען וועגען די אויסגעצייכענטסטע מענער פון וויסענשאַפט, ענטדעקער און ערפינדער. די געאָגראַפיע ריהרט אָהן כמעט אַלע געביטען פון וויסענשאַפט, און לויט די געמאַכטע פּרובען קען מען האָבען אַ גוטען גרונד, דעם דאָזיגען למוד צו מאַכען פאַר'ן צענטר פונ'ם גאַנצען אונטערריכט.

* *

*

אין וואָס בעשטעהען די רעזולטאַטען פון דער היינטיגער שולע? אָבגעניצטע געהירנקראַפט, דאָס הייסט טעמפּיג־געוואָרענע גייסטיגע פעהיגקייטען, שוואַכע נערווען, דערדריקטע אָריגינאַליטעט, אָבגעשלאַפטע אינציאַטיוו, קורצזיכטיגקייט בנוגע דער אַרומיגער ווירקליכקייט, דערשטיקטער אידעאַליזם אונטער דער פיעבער־איילענים, וואָס גיכער צו דערשלאָגען זיך צו אַ „קאַריער" --- אַ ווילדע יאָגענים, וואו די עלטערן און די קינדער קוקען אויפ'ן פערליערען אַ יאָהר ווי אויף אַ גרויסען אומגליק! אז די עקזאַמענס זענען שוין דורכגעמאַכט, און עס זענען שוין אַוועק אַ פּאָר יאָהר, דאַן ערוואַכט ערשט אין בעסטען פאַל דאָס בעדערפניס, אָנצוהויבען פון דאָסניי צו לערנען זיך שוין אויף אַ לעבעדיגערען אופן כמעט אין יעדען פונקט. דער פועל יוצא דערפון איז, אז דאָס רוב גענענדיגטע, דיפּלאָמירטע זענען ניט אימשטאַנד צו לייענען אַ צייטונג מיט ווירקליכע נוצען פאַר זיך, און די, וואָס פערשטעהען אַ בוך אין אַ פרעמדער שפּראַך --- זענען זעלטענע אויסנאַהמען, אויב די הויז־לעהרע האָט ניט אונטערשטיצט דעם שול־אונטערריכט.

דער געוועזענער פּראָפעסאָר קעי האָט פון זיינע ערפאַהרונגען אַלס לעהרער אין מעדיצינישען אינסטיטוט דערוויזען, אַז די שילער ווערען שוין אין דער שולע אונפעהיג צו זעהן, צו דענקען און צו אַרבייטען.

אָט די ערפאַהרונג וועט סוף כל סוף אין אייניגע הונדערט יאָהר אַרום ברענגען דעם אונטערגאַנג פון דעם שול־סיסטעם.

דאַן וועלען פיליייכט אויפקומען אָט די געטרוימטע שולען, וואו די יוגענד וועט קודם כל זיך אויסלערנען צו בעאָבאַכטען און צו ליעבען דאָס לעבען און וואו איהרע קרעפטען וועלען ציעלבעוואוסט פערהיט ווערען אַלס דער העכסטער ווערט פון לעבען. דורך אָט די אַלע געמיינזאַמע בילדונגס־שולען וועט אויך פערגיכערט ווערען די נאַטירליכע איבערטאַסונג פון די שטאַנדען און קלאַסען. אדאנק אָט די שולען, וועט דאָס דאָרפס־קינד שטענדיג קענען אויפוואַקסען אויפ׳ן לאַנד און וועט ניט מוזען צוליעב בילדונג אַוועקגעשיקט ווערען אין די גרויסע שטאָדט -- אינ׳ם פאַל, אויב עס וועלען נאָך דאַן עקזיסטירען גרויסע שטעדט? און לסוף וועלען דאָרטען די יינגלעך און די מיידלעך געניסען אַלע מעלות פון דער געמיינשאַפטליכער ערציהונג, אָבער די בעזונדערע פעהינקייטען און נייגונגען פון די אָדער פון יענע וועלען פונדעסטוועגען ניט געשטיקט ווערען דורך דעם איינזייטיגען דרוק פון געמיינזאַמע, געצוואונגענע עקזאַמענס.

נאָכדעם, ווי די קינדער וועלען אומעטום אין לאַנד שוין האָבען אָבגעלערנט אין אַזוינע וויירקליכע אַלגעמיינע שולען ביז דעם פונפצענטען יאָהר, איינע פערנעהמענדיג זיך מעהר מיט פיזישער, -- וועלען זיך אָנהויבען די ספּעציעלע שולען: שולען פאַר קלאַסישע שטודיען, פאַר פינקטליכע, פאַר סאָציאַלע אָדער פאַר עסטעטישע וויסענשאַפטען; שולען פאַר קונסטען

און מלאכות, פאַר פערשידענע בערופען און עמטער; שולען מיט פערשידענע פרינציפען און מעטאָדען, שולען, וואָס קענע שאַפען די פערשידענאַרטינסטע פאָרמען פון בילדונג אויף צו ענטוויקלען די אינדיווידואַליטעטען. און אויף אַזאַ אופן, אַנ־שטאַט צו בילדען ווי איצט שקלאַפּישע נשמות אָדער שונאים פון אַלערליי פאָרמען, אונרוהיגער גייסטער, וועט די ערציהונג צושטעלען דער גייסטיגער און מאַטעריעלער קולטור — די ווי־סענשאַפטען און דער ערפינדונג, דעם קינסטלערישען שאַפען און דער לעבענס־קונסט — פרישע פערזענליכע קרעפטען. ז. אָ. די פרייע ערציהונג, וועט ענטוויקלען דעם מוט און די פעהיג־קייט, צו געפינען נייע וויסענשאַפטליכע מעטאָדען, צו וועקען יונגע געדאַנקען, צו מאַכען דרייסטע ענטדעקונגען. און די אויס־געבילדעטע מענשען וועלען דאַן אַריינטראָגען אין דעם גאַנצען גאַנג פון דער קולטור זייער געוועהנונג צו אייגענער בחירה, צו אייענעם פאָרשען און פרובען, צו אייגענער טעטיגקייט, צו אייגע־נער מיה, וואָס די שול און די היים וועלען שוין האָבען געלעגט דערפאַר דעם גרונד. די צוטראָגענקייט און די אונרוהיגע זאָרג פון די היינטיגע עלטערן, „די קינדער צו עפּים צו ברענגען", וועט אין דער נייער שולע אינגאַנצען פערשווינדען. די שטילע, געהויבענע שטימונג פון דער שולע, וועט אין דער יוגענד אריינ־לעגען דעם גרונד פאַר דער איבערצייגונג, אַז דאָס וויכטיגסטע פון אַ מענשען איז ניט די פעולות זיינע, נור זיין וועזען. ס'איז דאָ אַ גלייכוואָרט: געמיינע נאַטורען צאָהלען מיט דעם, וואָס זיי טהוען, עדעלע — מיט דעם, וואָס זיי זענען. דאָס איז אפילו אַ צו־הארט גלייכוואָרט, אָבער עס ענטהאַלט דאָך אין זיך אַ טיעפען אמת, וואָס איז אין דעם פאָריגען יאָהר־הונדערט פער־געסען געוואָרען.

אינ'ם איצטיגען יאָהר־הונדערט, — אינ'ם יאָהר־הונדערט

פונ׳ם קינד — וועט מען אפשר אויך אויף דעם געביעט פון פראַקטישער אַרבייט קומען דערצו, אַז — בעת מאַשינען און עלעקטריציטעט פיהרען אויס די אַרבייטען, וואָס קענען קיין שום שאַפונגס־פרייד ניט געבען — וועט דאָס האַנדווערק ווידער אַריינטראָגען אַ טייל גליק אין דעם מענשענ׳ס לעבען. מען וועט דאַן דערלעבען אַ צווייטע רענעסאַנס: ס׳וועט פון דאָסניי אויפלעבען די פערזענליכע פריידע, וואָס דער מענש פון פריהער־דיגע צייטען האָט געפיהלט בעת פון זיין האַנד פלעגט אַרויסגעהן אַ קונסטפולע בעפוצונג, אַ פאַרבענרייכע געוועב, אַ שענע שניצעריי. אויך אין דעם פאַל פיהרט דאָס איצטיגע שול־סיסטעם צו דער אָגולנע פאַבריקאַציע פון אוננוציגע זאַכען, אָבער ניט צו אַנ׳אמת׳ער ליעבע און אמת׳ן פערשטעהן אַ וואָסער ס׳איז געוויסען אַרבייטס־צווייג, צו יענער ליעבע און יענעם פערשטעהן, וואָס פון זיי איז אין די גרעסטע צייטען פון דער קונסט אָרגאַניש אַרויסגעוואַקסען דאָס קינסטלערישע שאַפען.

* *

*

ערשט דאַן, ווען מ׳וועט מסכים זיין, אַז דאָס איצטיגע סיסטעם פערשמעלערט, בעשרענקט אויף אַלע געביעטען די נאַטירליכע פעהיגקייט פון קינד צו קאָנצענטראַציע (טיעף בעטראַכטען אַלץ), קאָמבינאַציע (פעראייניגען פערשיעדענע זאַכען, אומשטענדען אָדער אויספיהרונגען) און ענטוויקלונג פון קראַפט; ערשט דאַן, ווען מ׳וועט איינזעהן, אַז אפילו אין בעסטען פאַל פערוואַנדעלט אָט די סיסטעם, אין לעצטען סך־הכל, דעם יונגען דור אין געהענדיגע טאַשען־ענציקלאָפעדיעס פון די ידיעות, וואָס די מענשהייט האָט ביז איצט דערגאַנגען; ערשט, ווען מ׳וועט

דאָס מעהר ניט רופען „הארמאָנישע ענטוויקלונג" — ערשט דאַן וועט מען מודה זיין, אז די שולע קען און דאַרף בעדייטען ניט קיין אנדער זאַך, ווי אַנ׳אַנשטאַלט, וואָס גרייט־צו די יוגענד, זי זאָל קענען אַליין פאָרטזעצען איהר בילדונגס־ארבייט דאָס גאַנצע לעבען. און ערשט דאַן וועט די שולע ווערען אַנ׳אַנשטאַלט, וואו מען לערנט זיך פאַר דאָס לעבען, און ניט ווי מ׳ווערט איצט אין בעסטען פאַל — פערטריקענט פאַר׳ן לעבען.

* *

*

אום פאָרצובערייטען לעהרער פאַר די שול פון דער צוקונפט, מוזען געעפענט ווערען אינגאַנצען נייע לעהרער־אינסטיטוטען. די פאַטענטירטע פעדאַגאָגיק וועט אָבטרעטען דעם אָרט דער אינדיווידועלער, און נור דער, וואָס איז פעהיג פון דער נאַטור אָדער ער האָט זיך אַליין דערצו ענטוויקעלט, צו שפּיעלען זיך מיט קינדער, צו לעבען מיט קינדער, צו לערנען זיך פון קינדער, ליעב צו האָבען קינדער, נור אַזאַ מענש וועט אָנגעשטעלט ווערען פאַר אַ לעהרער־ערציהער אין אַ שול, אום ער זאָל זיך דאָרט בילדען זיין פערזענליכע „מעטאָדע". און אָנ־געשטעלט ווערען אָט די לעהרער נור נאָך אַ יאָהר פּראָבע; דעם אורטייל דאַרפען ארויסזאָגען ניט בלויז די מיטגליעדער פון פּרובונגס־קאָמיסיע, וואָס זענען בייגעווען ביין אונטעררייכט פון אָנהייב ביז׳ן סוף, נאָר אויך די קינדער! מען קען דער מיינונג פון די קינדער ניט געבען קיין אַבסאָלוטע, ענטשיידענדיגע בע־דייטונג, אָבער רעכענען זיך מיט איהר דאַרף מען, וואָרום דער אינסטינקט פון קינד קלייבט דאָס בעסטע אָהן דעם מינדסטען טעות.

און וואָס איז פאַר דאָס קינד דאָס בעסטע?
געטהע האָט געענטפערט:
ס'העכסטע גליק פון ערדען־קינדער
איז נור די פערזענליכקייט!...

ביי היינטיגע צייטען לויבט מען שטאַרק די אָביעקטיווי־טעט אינ'ם אונטערריכט. אין גענענטייל אָבער האָט יעדער גרויסער ערציהער געווירקט דערמיט, וואָס ער איז געוועזן אין העכסטען גראַד סוביעקטיוו! דער לעהרער דאַרף ליעב האָבען דעם אמת, דעריבער טאָר ער קיינמאָל ניט ברענגען אויף צו בעשטעטיגען זיינע מיינונגען אַ פאַקט, וואָס וועגען איהם איז דאָ אַ מחלוקת! אָבער דערפאַר, וואָס סוביעקטיווער ער איז, איז אַלץ בעסער; אַלץ פולער און אינהאַלטס־רייכער גיט ער איבער די קינדער דעם זאַפט און די קראַפט פון זיינע ערפאַהרונגען, זיין לעבענס־אָנשויאונג, זיין אייגנאַרטינקייט; אַלץ מעהר וועט ער מיטהעלפען זייער ווירקליכער ענטוויקלונג, אויב ער וועט פאָראויס אָנמערקען, אַז ער שפּאַרט זיי ניט אריין זיינע מיינונגען מיט אַ פערזיכערונג, אַז זיי זענען אָהן פעהלערען, נאָר ער לאָזט דער יוגענד איבער, אין דעם פאַל אזוי ווי אין אנדערע פאַלען, די פרייע בחירה.

די לעהרער און לעהרערינס פון מיין געטרוימטער שול וועלען זיין פערנומען אַלע אַ קורצע צייט, וועלען האָבען פיעל פרייע צייט אויף רוה און אַ גרויסען לוין --- וואָס וועט זיי געבען די מעגליכקייט פאַרטצוזעצען זייער אייגענער ענטוויקלונג, --- און אַ דיענסט־צייט פון העכסטענס צוואַנציג יאָהר. דאַן טרע־טען זיי אריין אין די שול־זשורי'ס (ראַטען), וואָס זענען צוזאַמענ־געזעצט פון עלטערן און לעהרער, אָדער זיי ווערען מיטגליעדער אין דער קאָמיסיע פאַר די „צייטיגקייטס־פּרובונגען" (עקזאַ־מענס). און אָט די עקזאַמענס וועלען פאָרקומען, ווי אויבען איז

אָנגעצייכענט, אזוי, אז יעדער עקזאַמענאַטאָר וועט צוזאַמען מיט העבסטענס פינף יונגע לייט פערברענגען א זומער אין דערהיים אָדער אין אויסלאַנד. ביי אזא צוזאַמענלעבען איז ער אימשטאַנד ווירקליך צו בעשטימען די מאָס פון זייער בילדונג; צו פיהרען זיי ביי'ם אויסקלייבען אַנ'אויפגאַבע אין לעבען; צו געבען דער יוגענד אין דער פאָרם פון סאַקראַטעס מיטטיילונג *) דעם מוסר השכל פון לעבען, אַנשטאַט דעם אונטעררריכט פון קאָנפירמאַציע (א מין בר מצוה ביי לוטעראַנער). אזא מין קאָנפירמאַציע, האָף איך, וועט שוין דאַן מעהר ניט עקזיסטירען. וואָרום דער פסיכאָלאָגישער ווערט איהרער בעשטעהט ניט דערין, וואָס מען לערנט דערפון, נור דער עיקר, אין דער ריכטונג פונ'ם שכל אויף די ערנסטע פראַגען און אויפגאַבען פון לעבען, און דעם וועקען צו עטישער (מאָראַלישער) זעלבסטענטוויקלונג. אָט די עטישע זעלבסטענטוויקלונג האָט א בעזונדער וויכטיגע בעדייטונג גראַדע אין דעם איבערגאַנג פון דער קינדהייט צו דער יוגענד. דאַן דאַרף מען דער יוגענד ענטדעקען די קונסט פון לעבען, דאָס הייסט, די קונסט, צו מאַכען די אייגענע פער־זענליכקייט, די אייגענע עקזיסטענץ אזוי פאָלקאָם, ריין און שען אין דער געשטאַלט פון א קונסט־ווערק; דעם סוד דאַרפען פערטרויען א קלוגער מאַן אָדער א קלוגע פרוי, וואָס האָבען נאָך אליין דערהאַלטען זייער יוגענדליכקייט, אזוי אז זיי פערשטעהען די פריידען און שמערצען פון דער יוגענד, איהר שפיעל און איהר ערנסט, איהרע חלומות און פאָרגעפיהלען, איהרע פעה־לערען און געפאַהרען. די פיהרער דאַרפען פונדעסטוועגען געבען נור זעהר פאָרזיכטיגע אָנווייזונגען, ווי אזוי די יוגענד דאַרף אָנציהען איהרע מעלאָדיען פאַר'ן גרויסען אָרקעסטער פון לעבען.

*) ד. ה. אין א געשפרעךפאָרם.

* *
*

מיין געטרוימטע שול וועט אזוי לאנג נים צו שטאנד קומען, כל זמן די מלוכות וועלען ברענגען זייערע גרעסטע קרבנות דעם מיליטאריזם. ערשט דאן, ווען דער מיליטאריזם וועט פאלען, וועלען די מענשען אויף אזוי פיעל ענטוויקעלט ווערען, אז זיי וועלען פערשטעהן, אז דער טייערסטער שול־פלאן --- איז דער ביליגסטער. ווארום דאן וועט מען אנהויבען איינצוזעהן אין שטארקע מענשליכע מוחות און הערצער דעם העכסטען ווערט פון דער געזעלשאפט!

עס איז אלזא, ווי איך האב שוין געזאגט, נים קיין רעפארם־פלאן פאר דער געגענווארט, נור איך גיב דא בלויז איבער מיין חלום וועגען דער צוקונפט.

אבער נור חלומות זענען אין אונזער משונה'דיגער עקזיסטענץ די אייגענטליכע ווירקליכקייטען!

* *
*

ווען מיין ארטיקעל איז שוין געווען אנגעשריבען, האב איך זיך דערוואוסט, אז אין ענגלאנד האט די קריטיק פון דער עקזיסטירענדיגען שול־סיסטעם געבראכט צו איינינגע רעפארם־פרובען אויף דעם געביט, וואס איך וואלט וועלען איבערגעבען דא אין קורצען. דער וויכטיגסטער פאזיטיווער פועל־יוצא פון אט דער קריטיק ביז איצט, איז די שול, וואס ד״ר סעסיל רעדיע אין אבאטסהאלם, ראטשעסטער, סטאפפארדשיר, וואס איך האב וועגען איהר אנ'אויספיהרליכען בעריכט.

ד״ר רעדיע זאגט, אז ער האט בעקומען אזוינע טיעפע

איינדרוקען פון דזשאָן ראָסקין, בנימין דיזראַעלי און קאַרלייל, ווי פון דער הערבאַרט־ריין־שול. איבערהויפּט האָבען איהם איבעררּאַשט די געדאַנקען פון דער שול וועגען דע ראַיינהייט אָדער דעם אָרגאַנישען צוזאַמענהאַנג צווישען אלע טיילען פון אונטעררּיכט. אָבער ד״ר רעדיע האָט זיין שול צוגעגעבען דעם כּאַראַקטער פון זיין אייגענער פּערזענליכקייט און פון דער בריטישער (ענגלישער) נאַציאָנאַליטעט. דעריבער איז אָט די שול געוואָרען אַ גאַנץ זעלבסטשטענדיגע און מוסטערהאַפטע העכערע נאָרמאַלע לעהר־אַנשטאַלט פאַר ענגלישע יינגלעך --- לויט דער פּראָגראַם צווישען 11 און 18 יאָהר, וואָס געהערען צו גלייכע קלאַסען. ביז 51 יאָהר איז די ערציהונג אונגע־פעהר די זעלבע פאַר אַלעמען; דאַן צושיידען זיך די וועגען, אום צו פיהרען צו פערשיעדענע בערופען און לעבענס־ציעלען. דער צוועק, יואָס מען שטרעבט צו איהם, איז צו דערגרייכען אַ נאַטירליכען צוזאַמענהאַנג צווישען די למודים פון דער שול און די ווירקליכקייטען פון לעבען, ווי אויך צווישען די פערשיעדענע למודים אין דער שול גופא. דער אונטעררּיכט פון מאַטעמאַטיק ווערט אָנגעווענדעט ביי׳ם אויסרעכענען, אויסמעסטען, אויס־אַרבייטען און איינאָרדנען פישער־שיפלעך, פויגעל־שטייגען, ספּאָרטס־פּלעצער און דעסגלייכען. די פּרינציפּען פון פערוואַל־טונג, וואָס מען ערקלערט אויף דער שטונדע פון געשיכטע, ווערען אָנגעווענדעט ביי דער אַרבייטס־צוטיילונג אין אָט דער קליינער קהלה, וואו יעדער האָט זיינע בעזונדערע אויפגאַבען, וואָס דיענען לטובה דער גאַנצער געמיינשאַפט. אַ „פּאַרלאַ־מענט״, וואָס בעשטעהט פון די יינגלעך גופא, בעשליסט געוויסע קהל׳ישע ענינים, הגם די סאַנקציע, די בעשטעטיגונג פון די בעשלוסען דאַרף געבען די „רעגירונג״. די פיזישע ענטוויקלונג ווערט דערגרייכט ניט נור דורך ספּאָרט, נאָר אויך דורך

ערנסטע אַרבייט מיט ווירקליכע צוועקען אין די סטאָלער־ווערק־שטאַטען, אין פעלד און אין גאָרטען. די ענגלישע שפּראַך ליגט אין יסוד פון דער שול, דערנאָך געהט פראַנצויזיש און דייטש, און אויפ׳ן לעצטען פּלאַן לאַטייניש און גריכיש. געשיכטע און געאָגראַפיע, וואָס פאַר זייער שטודיום עקזיסטירט אַ זעהר רייכער מאַטעריאַל, זענען צווישען זיך פערבונדען. אַזוי אויך געאָגראַפיע און נאַטורוויסענשאַפט, וואָס ווערען געלערנט, ווי מעגליך מעהר אונטער׳ן פרייען הימעל און וואָס פיהרען מדרגות־ווייז צו אַנ׳אַלין טיעפערען אַנאַליז פון דעם לעבען אין דער וועלט. די מאָראַליש־רעליגיעזע ערציהונג פערנעהמט אַ רעכטען פּלאַץ, אָבער ניט דורכ׳ן אונטעררייכט אין די רעליגיאָנס־דאָגמען, נאָר דורך דאָס עוואַנגעליום און דורך דאָסביישפּיעל פון גרויסע פערזענליכקייטען. די קירך איז אויסגעפּוצט מיט בילדער פון אַזוינע פערזאָנען, און דער גאָטעס־דיענסט ווערט אָפט פער־ברויכט אויף צו שילדערען זייערע לעבענס־שיקזאַלען. די מוזיקאַלישע און ליטעראַרישע ערציהונג ווערט געגעבען אויף אָבענד־צוזאַמענקונפטען און אין דעבאַטען־קלוב ווערט ענטוויקעלט די רעדנער־פעהיגקייט. „באַלען״ און „נאַגראַדעס״ זענען אָבגעשאַפט, ווייל זיי זענען קינסטליכע און אַנטיסאָציאַלע אַנרייצונגס־מיטלען. דאָ, אַזוי ווי אין אַנדערע רעפאָרמירטע שולען, ערהאַלטען נאַטירליך די עלטערען ידיעות וועגען דער אויפפיהרונג פון זייערע קינדער, אָבער דאָס מעסטען די לערך־דיגע ווערטען פון די קינדער מדרגות־ווייז איז לגמרי אויסגע־שלאָסען, ביי דער גרויסער פערזאַמלונג פון די עלטערען אום זומער ווערט די עלטערען געגעבען די געלעגענהייט, טיילס צו בעטראַכטען די שול, טיילס דורכצורעדען זיך מיט די לעהרער וועגען דער ערציהונג פון די קינדער. די שלאָפצייט אין דער אַבבאַטסהאָלמער שול דויערט פון 9 אָוועט ביז 6 אין דער פריה.

דער טאָג געהט אוועק אין אזא סדר: ערשטענס פריהשטיק, גימנאַסטיק, ערשטע לעקציע, וואָס געדויערט אזוי ווי די איבע־ריגע לעקציעס, יעדע צו 45 מינוט. נאכהער גאָטעסדיענסט, צווייטעס פריהשטיק, אויפרוימען די שלאָפצימערס, צווייטע לעקציע, צובייסען, דריטע -- וואַנע, מיטאָגען; דערנאָך -- מוזיק; דאַן פיער שעה פערשיעדענע בעשעפטיגונגען, ווי צייכענען, האַנד־ווערק, גאָרטען־ארבייט, ספאָרט א. אז. וו. נאָכ׳ן טיי־טרינקען קומט די פיערטע לעקציע, דערנאָך אַנ׳אַלגעמיינע צוזאַמענקונפט מיט געזאַנג, פאָרלעזען שירים און דערגלייכען; צום סוף אָבענדברויט און תפילה.

אָט דאָס פראָגראַם גיט א סך גוטע האָפנונגען מיט דעם פראָפאָרציאָנעלען צוטיילען די צייט פאר פיזישער, פראַקטישער, עסטעטישער און אינטעלעקטועלער (גייסטיגער) ענטוויקלונג. אָבער אין דער איינטיילונג געפין איך ניט די שטונדען, ווען די יינגלעך זאָלען קענען זיין איבער זיך גאַנץ פריי, אָהן א שום בעשטימטע בעשעפטיגונגען, לייענען פריי, שפאַציערען אָדער פאַנטאַזירען און בכלל זיין אונאָבהעניג פונאיינאַנדער. פראָ־פעסאָר סילדולי האָט אין אַנ׳ארטיקעל „וועגען דער ערציהונג פונ׳ם געניע” בעוויזען דאָס, וואָס איך האָב געוואָגט צו בע־הויפטען: אז כמעט אַלע געניעס זענען געווען שלעכטע שילער אָדער האָבען בעקומען א ניט קיין רעגעלמעסיגען אונטערריכט, און האָבען אויסער דעם געהאַט וואונדערליכע איינפאַלען, משונה׳דיגע פאַנטאַזיען אָדער אַנדערע אַנטיגעזעלשאַפטליכע ציקאווע טענדענצען. און פאר אזוינע אייגענאַרטיגע נאַטורען -- ווי איבערהויפט פאר די ענטוויקלונג פון אייגענאַרטיגקייט -- איז עס פיעלייכט אין אַבאַטסהאָלם ניט פיעל בעסער אוועק־געשטעלט איידער אין די שולען פון דעם אַלטען טיפּ.

שטודירען די ביאָגראַפיען פון גרויסע מענשען דאַרף ביי׳ם

פאַרברייטען אַנ׳ערציהער געהן אַלע מאָל פריהער פאַר דעם שטודירען די פעדאַגאָגישע סיסטעם. וואָרום אַ סיסטעם — אַ פרעמדענס אָדער אַנ׳אייגענס — קען לייכט פערפלאָנטערען די נשמה פונ׳ם ערציהער און אראָבפיהרען פונ׳ם איינציגען שמאָלען שטעגעלע, וואָס פיהרט אין דער ערציהונג צום לעבען: נעמליך, צו געפינען אַ בעזונדער סיסטעם פאַר יעדען אינדוויידיאום, ווייל דורך די ביאָגראַפיעס ווייזט זיך ארויס, אַז וואָס מערקווירדיגער אַ מענש איז נאָכדעם געוואָרען, אַלץ ווענינער נאָרמאַל איז ער געווען אלס קינד; אַלץ ווענינער האָט ער זיך געפֿענט געפינען אין די נאָרמירטע פערהעלטעניסען, אַלץ ווענינער איז געווען גוט פאַר איהם דאָס, וואָס פאַר אַנדערע איז גוט געווען, אַלץ מעהר האָט ער געמוזט געהן מיט זיין אייגענעם וועג. און אזוי ווי מען קען קיין מאָל ניט וויסען אויף זיכער, וועלכע קינדער זענען געניעס, אין געגענטייל אָבער ווייס מען, אַז ס׳וועט פאַר אַלע קינדער זיין גוט, אויב מ׳זאָל אַלעמען בעהאַנדלען אלס אינדווידוען מיט פערשיעדענעם געשמאַק, מיט פערשיעדענע פעהיגקייטען, נייגונגען און בעדערפניסען, אַלזוי איז דאָס בעסטע דאָס יעניגע, ביז איצט נאָך ניט אויסגעפּרובטע סיסטעם, לויט וועלכען מ׳וועט פון איהם, פונ׳ם סיסטעם, אַוועקגעהן וואָס ווייטער אין אָט דער ריכטונג — סיי מיט די געוועהנליכע, סיי מיט די ניט געוועהנליכע קינדער!

עהנליכע פרינציפען ווי אין אבבאָטסהאלם ווערען דורכגעפיהרט אויך אין אַנ׳אַנדער לאַנדסשול, וואָס ס׳האָט געגרינדעט אין בעדאַל אַנ׳אַמאָליגער אבבהאָטסלמער לעהרער, און ווייטער אין דער שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין אילזענבערג (אויף די האַרץ־געבירג דורך ד״ר ה. ליעץ). אויך אין פראַנק. האָט אבבאָטסהאלם געפונען נאָכפאָלגער. שוין אייניגע יאָהר זינט עס איז פערווירקליכט געוואָרען אויף דער געדאַנק, וואָס איז

פֿאַר ענגלאַנד נאָך געווען אונגעוועהנליך, דער געדאַנק פֿון געמיינשאַפֿטליכער־ערציהונג פֿון יינגלעך מיט מיידלעך: טיילס אין דער געמיינשאַפֿטליכער שול אין בלאַקוועלל, טיילס אין אַ שול, וואָס ס'האָט געגרינדעט די „שול-געזעלשאַפֿט פֿון קעניג אַלפֿרעד". דער צוועק פֿון אָט דער לעצטער שול איז אויפֿ'ן ערשטען פּלאַן, ביי דער ערציהונג צו ענטוויקלען דעם כאַראַקטער פֿאַר ווירקליכקייטען פֿון לעבען. געמיינשאַפֿטליכער אונטער־ריכט, צוזאַמענווירקען פֿון היים און שול און שטענדיגע פֿער־בינדונג פֿונ'ם קינד מיט די קאָנקרעטע ערשיינונגען פֿון ווירק־ליכען לעבען זענען דערצו די בעסטע מיטלען. אויך דאָ איז דאָס האַנדווערק געבראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט פֿיזיק און מאַטע־מאַטיק; אָבער דאָס הויפּטגעוויכט ווערט געלעגט אויף די הומאַניטאַרע וויסענשאַפֿטען, „וואָס ענטוויקלען די פֿאַנטאַזיע, וועהרענד די פֿאַנטאַזיע ווידער פֿערגרעסערט די פֿעהיגקייט פֿון דער סימפּאַטיע, און דאָס איז דער פֿונדאַמענט פֿון יעדע אמת'ער קולטור". דאָס איז אין העכסטען גראַד אַ פֿרוכטבאַרער שטאַנדפּונקט! געשיכטע, געאָגראַפֿיע און ליטעראַטור — איינ־זאַם מיט די לעבעדיגע שפּראַכען, אַלס מיטלען אָנצואייניגען זיך די ליטעראַטור — קענען מיט פֿולען רעכט הייסען די הויפּט־לימודים פֿון דער שול, בעת דער לימוד פֿון רעליגיאָן אין גע־וועהנליכען זין פֿון וואָרט קומט גאָר ניט פֿאָר. פֿאַר דעם אָנפֿאַנגס-אונטעררינכט ווערען גאָר ניט בענוצט קיין ביכער, נור שפּאַציער־גענג אויף דער פֿרייער נאַטור אָדער ארום לאָנדאָן, בעזוכען אין מוזעען און אז. וו. די בעאָבאַכטונגען און ערפֿאַה־רונגען, וואָס די קינדער מאַכען דערביי, בילדען דעם אויסגאַנגס־פּונקט פֿאַר זייער אונטעררינכט, וואָס געאָגראַפֿיע, מאַטעמאַטיק און נאַטור־וויסענשאַפֿט, און שפּעטער — געאָגראַפֿיע, געשיכטע און ליטעראַטור, בעלייכטען זיך ביי איהם, ביי דעם אונטעררינכט,

איינע די אַנדערע. האַנד־אַרבייט און ספּאָרט ווערן בעטראַכט ניט אַלס אַברוהע, נור אַלס אַרבייט; יעדער שבת איז אינגאַנצען אַ פרייער טאָג, און קיין באַלען און בעלוינונגען קומען ניט פאָר. נאָך צוויי־יאָהריגער ערפאַהרונג האָט מען געפונען אַז די געמיינשאַפטליכע ערציהונג האָט פערגרעסערט דאָס געפיהל פון אחריות און פון אַרבייטס־לוסט, אַז דער צושטאַנד פון געזונד איז אויסגעצייכענט און אַז די מעטאָדע פונ'ם אונטערריכט האָט ענטוויקעלט בעאָבאַכטונג, נאָכדענקען און זעלבסט־טעטיגקייט.

די יינגסטע און ראַדיקאַלסטע פון די ענגלישע רעפאָרמירטע שולען איז די געמיינשאַפטליכע שול „ראַסקין האוס־סקול", וואָס איז געעפענט געוואָרען דורך האַררי לאַנריסאָן. דער נאָמען פון דער שול בעווייזט, וואָס פאַר אַנ'איינפלוס ראַסקינס פעדאַגאָגישע אַנזיכטען האָבען געהאַט אויף איהרע גרינדער. אָבער מיסטער לאַוריסאָן איז ניט קיין „ראָסקיניאַנער", ער האָט אַלע סימנים פון אַ נייעם מענשען, דאָס הייסט, ער איז אַ רעליגיעזער פריידענקער, אַ סאָציאַליסטישער אידעאַליסט, אַ נאַטוראַליסטישער פערגעטערער פון שענקייט און אַ פריייזיניגער ענטוזיאַסט פאַר די ערציהונג דורך מענשליכקייט צו מענשליכקייט. מיסטער ל. איז פריהער געווען אַ לעהרער אין אַ געוועהנליכער שטאָדט־סקול און ער האָט זיך אויסגעלערנט צו פערהאַסען אַזאַ עקעלהאַפט סיסטעם, וואו דריי־יאָהריגע עופה'לעך זיצען שוין שעה'ן לאַנג יעדען טאָג אויף שלעכטע בענקלאַך אום אויסצולערנען זיך לייענען; וואו די קלאַסען קענען בעשטעהן פון הונדערט מיט פופציג קינדער; וואו זוברעווען, מעכאַנישעס פלאַפּלען, איבונגען און קלעפּ זענען די מיטלען, וואָס ווערען אָנגעווענדעט, אום אָט די אָפּט שלעכט־גענעהרטע, ניט אויסגעשלאָפענע קינדער אַריינצוקלאַפּען אין קאָפּ אַגעוויסע לעקציע

און אַ געוויסע דיסציפּלין, און וואו אויסער דעם הרג׳עט מען נאָך די קינדער מכות אכזריות, אויב זיי האָבן פערפעהלט חלילה אמאָל צו קומען אין שול.

מיסטער ל. האָט סוף כל סוף ניט געקענט אויסהאַלטען אַזאַ סיסטעם, וואָס איז דער היפך פון אַלץ, וואָס אַ שול דאַרף זיין.

ער האָט פערעפענטליכט אַנ׳אַרטיקעל איבער זיין ער־ציהונגס־אידעאַל אין דעם סאָציאַליסטישען בלאַט „קלעריאָן״, אַרויסגעגעבען דורך ר. בלעטשפאָרד, און ער האָט געפרעגט, אויב עס זענען דאָ עלטערן, וואָס וואָלטען איהם וועלען אָנפער־טרויען זייערע קינדער. ס׳האָבען זיך צו איהם געמעלדעט אונגע־פעהר פינף און צוואַנציג קינדער, דערונטער עטליכע מיידלעך, און מיסטער ל. האָט בדעה צו פערבלייבען אויף אַלע מאָל ביי אַ קליינע צאָהל קינדער, וויל נור אויף אַזאַ אופן קענען דער־האַלטען ווערען די פאַמיליענאַרטיגע פערהעלטעניסען, וואָס ער האַלט זיי מיט רעכט פאַר זעהר וויכטיג אום צו ענטוויקלען סימפּאַטישע געפיהלען. אין יאַנואר 1900 האָבען מיסטער ל. און זיין פרוי שוין געקאָנט עפענען זייער שול אין הונסטאַנטאָן און נאָרפאָלק, וואו איך האָב די לעצטע וואָכען פון זומער־סעמעסטער געהאַט די געלעגענהייט זי צו בעאָבאַכטען. די פריימוטיגקייט און די אָפענהערציגקייט פון די קינדער, איינ־איינעם מיט זייער געהאָרזאַמקייט און גוטער האַלטונג, ווייזען אייך בעשיינפערליך ווי גוט, ווי ריכטיג ס׳איז די מעטאָדע, פאַר וועלכע מ׳האַלט זיך דאָ. פלינק, העפליך און פרעהליך ערפילען זיי זייערע הויזליכע פליכטען, זייערע אויפגאַבען און שפּיעלען. די פעהלער וואָס ווערען דאָ בעגאַנגען, ווערען פערריכט מיט ערציהערישע שטראָפען, אָבער פון קלעפּ וויים מען דאָ אינ־גאַנצען ניט. דאָס הויפּט־ציעל פון אָט דער שול איז קערפּערליכע

געזונדהייט און קלאָרעס פערשטעהן די בעדינגונגען, וואָס זענען נויטיג דערצו. ווי ווייט מעגליך, ווערען די לעקציעס איבערגעגעבען אונטער'ן פרייען הימעל, און איבעררייסען אַ לעקציע אין צימער, כדי צו ווייזען די קינדער אַזעלטענע שענע נאַטור-ערשיינונג, האלט מיסטער ל. מיט פולען רעכט פאַר אַ גוטע מעטאָדע. די שטונדען־צוטיילונג פון דער שול ווערט געמאַכט לויט דער צייט פון צופלוס און אָבפלוס אין ים, ווייל דאָס באָדען זיך — פונקט אַזוי ווי זון, לופט און געזונדע, זאַטע נאַהרונג — איז אַ נויטיגע בעדערפניס פאַר די ענטוויקלונג פון אַ האַרמאָנישען מענשען. אַלע נאַטירליכע קערפּער־איבונגען, ווי, למשל, שווימען, רודערן, שפּאַציערען צופוס און בעשעפטיגונג מיט סטאָלעריי, גאָרטען־ארבייט און געהן אָרום בהמות, — שטעהען פיעל העכער פאַר'ן ריינעם ספּאָרט, הגם מ'קען דאָס אויך ניט פערנאַכלעסיגען. אָבער דאָ, אַזוי ווי אין אַנדערע פון די אויבענדערמאָנטע ענגלישע שולען, גיט מען שטרענג אַכטונג, אַז די לייב־איבונגען זאָלען ניט פערוואַנדעלט ווערען אין ספּאָרט.

די יינגלעך לערנען זיך פערשטעהן, אַז מענישקייט בע־שטעהט ניט אין געשלעגערייען, נור אין מוט און אין אויסהאַלטען כאַראַקטער, אַז מילדקייט און גערעכטיגקייט זענען די פאָר־נעהמסטע מענליכע מעלות. די פריינדליכקייט און די לעבעדיגע גרייטקייט איינער דעם אַנדערן צו העלפען, וואָס אָט די 10—11 יאָהריגע יינגלעך האָבען אַרויסגעוויזען, איז אויך געווען אין העכסטען גראַד צום בעוואונדערן. מיר דוכט זיך, אַז דאָ איז מקוים געוואָרען דאָס שענע וואָרט, וואָס דזשאָרזש עליאָט האָט נביאות געזאָגט אויף דער צייט, ווען „עס וועט פונקט אַזוי נאַטירליך זיין, העלפען אַנדערע, ווי צו זוכען אַ שטיצע, ווען מיר אליין האַלטען ביים פאַלען". די שול האָט ניט קיין תפלה־שטונדען, קיין חוב צו געהן אין קירך, נאָר אַ זעלבסטשטענדיגען

אונטעררִיכט פון קריסטענטום. אָבער אין איין זונטאָג הערען די קינדער אויפ'ן ברעג ים דערצעהלענדיג וועגען יעזוס אין דעם אַנדער זונטאָג וועגען בודא אָדער באַלדור אָדער אַפּאָללאָ. א טיעפער יראת הכבוד פאַר יעדען רעליגיעזען גלויבען, יעדען עטישען אידעאַליזם פונקט אַזוי ווי פאַר דער געטליכקייט פון דער אייגענער נאַטור און פון דעם לעבען, וואָס אַרום איהר, — אָט דאָס איז דער לייט־מאָטיוו ביי זייער גאַנצען אונטעררִיכט. אַפּילו אָהן דעם אונטעררִיכט, נור דורך דאָס צוזאַמענלעבען אַליין מיט זייער אַלזייטיג־געבילדעטען לעהרער, ווערט זיי איבערגעגעבען דאָס פערשטעהן און די ליעבשאַפט צו אַלע גרויסע ווערטען פון לעבען, וואָס זענען דער שענסטער רעזולטאַט פון בילדונג. ביי פלייסיגען קלייבען קאָלעקציעס און דירעקטען בעאָבאַכטען די אויסגעבילדעטע פאָרמאַציעס פון פעלזען און וואָלקענס, די געשטאַלטען און דאָס לעבען פון פלאַנצען און טיערען, בעקומען די קינדער אַ פאָרשטעלונג וועגען דעם פלאַץ, וואָס ס'פערנעהמען די פערשיידענע נאַטור־ערשיינונגען אין דער קייט פון דער ענטוויקלונג און וועגען זייער קינדערשער אייגענער אָנפּאַסונג צו דער אַרומיגער נאַטור. דער לימוד פון צייכענען און מאָלען האָט אַ חוץ אַנדערע זאַכען דעם ציעל צו לערנען די קינדער אָבצייכענען און מיט פאַרבען אָבמאָלען די געגענשטאַנ־דען פון דער נאַטור אין אַ „נאַטור־טאָג ביכעל״, און דער לעהרער שטרעבט אויסצונוצען אָט די זייט פון אונטעררִיכט דערויף, אום צו ענטוויקלען אין זיי ליעבשאַפט צו אָרדנונג און שענקייט, אויך די בעאָבאַכטונגס־קראַפט און די פעהיגקייט צו מאַכען אויספיהרונגען.

פראַנצויזיש און דייטש ווערט געלערענט לויט דער נייער שפּראַכ־מעטאָדע, און דאָס ווייטערע שטודיום פון די שפּראַכען ווערט נאָך פערפאָלקאָמט דורך שול־רייזען, עקסקורסיעס אין

פרעמדע לענדער, און דערביי האָט מען נאָך אין זינען די אָב־
געשטאַנענע שאָוויניסטישע מוחות צו מאַכען צייטיג פאַר קאָס־
מאָפּאָליטישערע שטאַנדפונקטען. ביים לימוד פון געשיכטע
ווערען אויסגענוצט אַלס אויסגאַנגס־פונקט די דענקמעלער פון
דער אומגעגענד, און מיט יעדען יאָהר ווערען די רייזען איבער׳ן
היימאַטס־לאַנד אַלס מעהר פערברייטערט. אַריטמעטיק און
געאָמעטריע ווערען געלערענט נור אַלס קאָפּ־רעכנונגען און אין
דער פאָרם פון אנשויאונגס־אונטערריכט, וואָס ווערט אָנגע־
קניפּט אָן די טעגליכע ערפאַהרונגען. אין אָט דער שול זענען
אָבגעשאַפט ניט נור בעלוינונגען און באַלען, נאָר אויך אַלע
עקזאַמענס -- אַלע געדאַנקען וועגען אַן׳עקזאַמען אַלס ענדעציעל!
דאָס ציעל איז דאָס, וואָס ס׳דאַרף זיין דאָס ציעל פון יעדער
שול: צו געבען דער געזעלשאַפט „פיזיש און פסיכיש שטאַרקע
און געשיקטע מענשען, מיט רויטען בלוט, קלאָרע אויגען, בריי־
טער ברוסט; מענשען, וואָס זענען פול מיט גלויבען אין זיך און
מיט מילדקייט, מיט אַוואַכען בליק פאַר בילדער פון שענקייט;
מיט אַנשמה, וואָס שטרעבט אריינצודרינגען אין געהיימניסען;
מיט אַהאַרץ, וואָס קלאַפּט און רופט זיך אָב אויף די פריידען
און שמערצען פון אָט דער וואונדערבאַרער וועלט״.



ס׳זענען אַרויס פון דרוק און פערלאַג

„פאָלקסבילדונג"

אונטער די רעדאַקציע פון א. ליטווין

פאָלגענדע ווערק:

| No. | | פרייז |
|---|---|---|
| 1 -- 2 | דר. י. בלומשטיין, „דער דאַרוויניזם און זיין טעאָריע" | |
| | פראָפ. ג. רוה, „מאַן־און ווייב־לעבען ביי די חיות" | 20 ס. |
| 3 | ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן, „וואָס איז קונסט?" איבערז. דורך ה. קאַלמאַנאָוויטש | 10 ס. |
| 4 -- 5 | עלען קעי, „די שולע פון דער צוקונפט" איבערז. דורך י. גאָלדשמידט | 20 ס. |

עס דרוקען זיך און קירצליך ערשיינען:

| No. | | |
|---|---|---|
| 6. | פראָפ. אַרנאָלד דאָרעל, „די רעליגיאָן פון דער צוקונפט" איבערז. דורך ח. שאָוס | |
| 7 -- 8 | א. ליטווין, „קאַפּיטלאַך היסטאָריע" (די רעוואָלוציע פון די מאַקאַבעער און דער העלד פון דער ספירה) | |
| 9 | ס. קאַמענעצקי, „וואָס איז אזוינס לקוי חמה?" (א פּאָפּולער אסטראָנאָמישער שמועס) | |

הויפּטפערקויף ביי דעם:

YIDDISH LITERARY VERLAG

256 East Broadway New York, N. Y.

No. 3

זאַמלונג „פאָלקסבילדונג"

ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן.

# וואָס איז קונסט.

איבערזעצט דורך ה. קאַלמאַנאָוויטש

פרייז 10 סענט.

ארויסגעגעבען פון
פערלאַג „פאָלקסבילדונג"
הויפט-פערקויף ביי דעם „ליטעראַרישען פערלאַג"
256 איסט בראָדוויי, ניואָרק
1915.

# וועגען קונסט.

---

היות ווי די מענשליכע נשמה שטעהט ניט אויף איין אָרט, דעריבער חזר'ט זי זיך קיין מאָל ניט איבער אינגאַנצען, נאָר שטענדיג פרובט זי צו שאַפען עפּיס וואָס נייעס און בעסערעס. דאָס ווייזט זיך ארויס סיי אין די נוצליכע, סיי אין די שענע קונסטען, אויב מיר זאָלען געברויכען די געוועהנליכע פונאַנדער־טיילונג פון ווערק לויט דעם, צו האבען זיי אַלס צוועק נוצען אָדער שענקייט. בכן איז דער צוועק פון אונזערע שענע קונסטען ניט נאָכמאַכונג, נאָר שאַפונג. אין לאַנדשאַפטען בעדאַרף דער מאָלער געבען דעם איינדרוק פון אַזא שענער שאַפונג, וואָס איהר גלייכען האבען מיר נישט געזעהן. די פרטים, די פראָזא פון דער נאַטור, בעדאַרף ער דורכלאָזען און געבען אונז בלויז דעם גייסט און גלאַנץ. ער בעדאַרף וויסען, אַז די לאַנדשאַפט האט שענקייט פאַר זיין אויג דערפאַר, וואָס זי דריקט אויס אַ געדאַנק, וואָס געפעלט איהם, און דאָס דערפאַר, ווייל די זעלביגע קראַפט, וואָס זעהט דורך זיינע אויגען, ווערט געזעהן אויך אין דער ער־שיינונג גופא. און ער וועט קומען דערצו, אַז ער וועט שאַצען אויך ניט נאַטור, נאָר דאָס, וואָס די נאַטור וויל אונז זאָגען, און וועט אויף אַזא אופן דערהויבען אין זיין קאָפּיע יענע גע־שטאַלטען, וואָס זענען איהם צום הארצען. ער וועט געבען די פינסטערנים פון דער פינסטערניש און דעם זונענשיין פונ'ם זונענשיין. אין פּאָרטרעט מוז ער אויסמאָלען דעם אינעוויינינגסטען

כּאַראַקטער און ניט די אויסווייניגסטע געשטאַלטען, און בע־
טראַכטען דעם מענשען, וואָס ער מאָלט, בלויז אַלס אַ ניט־
פולקומענעס בילד אָדער קאָפּיע פון׳ם געווינשטען אָריגינאַל.

וואָס דען אַנדערש איז די פערקירצונג און אָבקלייבונג, וואָס
מיר ווענדען אָן אין איטליכער גייסטיגער טעטיגקייט, אויב ניט
דער אימפּולס גופא צום שאַפען? וואָרום דאָס איז די שפע פון
יענעם העכערען, וואס בעווייזט, ווי איבערצוגעבען אַ גרויסען
אינהאַלט דורך פשוט׳ע סימבאָלען. וואָס דען אַנדערש איז אַ
מענש, אויב ניט דער בעסטער מיטעל, וואס די נאַטור פערמאָגט,
זיך אַליין צו ערקלערען? וואָס דען אַנדערס איז אַ מענש, אויב
ניט אַ שענע לאַנדשאַפט, וואס ענטהאַלט אין זיך אַ סך מעהר,
איידער דער האָריזאָנט קאָן אויסמאָלען? אויב ניט דער
עקלעקטיזם פון דער נאַטור? און וואָס דען אַנדערס איז דעם
מענשענס שפּראַך, זיין תשוקה צו מאָלען, זיין ליעבע צו דער
נאַטור, אויב ניט נאָך אַ בעסערער מיטעל צוליב דעם זעלביגען
צוועק? אַלע די לאַנגווייליגע מיילען פונ׳ם שטח און די פּודען
פון דער מאַסע דורכגעלאָזען — און דער גייסט אָדער דער מאָראַל
דערפון צונויפגעדרוקט אין איין מוזיקאַלישען וואָרט, אָדער
אינ׳ם דינסטען שטריך פון אַ פּענזיל?

נאָר דער קינסטלער מוז געברויכען יענע סימבאָלען, וואָס
ווערען געברויכט אין זיינע צייטען און ביי זיין נאַציע, בכדי
איבערצוגעבען זיינע פערברייטערטע געפיהלען זיינע מיטמענשען.
דאָס נייע אין דער קונסט ווערט תמיד אַרויסגעבילדעט פונ׳ם
אַלטען. דער מלאך, וואָס איז ממונה אויף דער צייט, לעגט
שטענדיג אַרויף זיין אונפערטיליגבאַרען שטעמפּעל אויפ׳ן ווערק
און גיט איהם אַנ׳אונאויסשפּרעכליכען צויבער פאַר׳ן כח הדמיון.
ווי ווייט דער גייסטיגער כּאַראַקטער פון דער צייט געוועלטיגט
איבער׳ן אַרטיסט אין געפינט אַנ׳אויסדרוק אין זיין ווערק, אויף

אזוי פיעל וועט דאָס ווערק אויף שטענדיג איינהאַלטען אַ געוויסע גרויסקייט און וועט בעווייזען פאַר די צוקונפטיגע צושויער דאָס אונבעוואוסטע, דאָס אונאויסמיידליכע, דאָס געטליכע. קיין איין מענש קאָן ניט אינגאַנצען אויסשליסען אָט דעם יסוד פין נויטוועגדיגקייט פון זיין ווערק. קיין איין מענש קאָן ניט אינגאַנצען בעפרייען זיך פון זיין דור און פון זיין לאַנד, אָדער שאַפען אַ מאָדעל, וואָס אין איהם זאָלען די ערציהונג, רעליגיע, פּאָליטיק, מנהגים און קינסטען פון זיין צייט ניט האָבען קיין חלק. ווי אָריגינעל, ווי ווילענס־שטארק און פאַנטאַסטיש ער זאָל ניט זיין, קאָן ער אַלץ ניט אויסמעקען פון זיין ווערק אַלע סימנים פון די געדאַנקען, וואָס צווישען זיי איז ער אויסגעוואָקסען. די אויסמיידונג גופא לאָזט דייטליך זעהן דעם מנהג, וועלכען ער מיידט אויס. אָהן זיין ווילען און וויסען איז דער קינסטלער געצוואונגען דורך דער לופט, וואָס ער אָטעמט איין, און דורך דער אידעע, וואָס פאַר איהר לעבען און ארבייטען ער און זיינע צייט־חברים, צו האַלטען זיך פאַר די מנהגים פון זיין צייט, הגם ניט אַלע מאָל פערשטעהט ער זיי. נאָר קיין איינצעלנער טאַלענט קאָן קיין מאָל ניט צוגעבען דעם ווערק אזאַ צויבער, ווי עס גיט צו דאָס אונאויסמיידליכע, וואָס געפינט זיך אינ׳ם ווערק. עס מוז זיך אונז דוכטען, אז דעם קינסטלערס האַנד אָדער שניצמעסער איז געהאַלטען און געפיהרט דורך אַ גיגאַנטישע האַנד, וואָס צייכענט אָן אַ נייע ליניע אין דער געשיכטע פון דער מענשליכער ראַסע. אָט דאָס גיט אַ ווערט די עגיפּטישע היעראָגליפען, די אינדישע, כינעזישע און מעקסיקאַנישע געצען־בילדער, ווי גראָב און מיאוס זיי זאָלען ניט זיין. זיי בעצייכענען די הויכקייט פון דער מענשליכער נשמה אין יענער צייט, און זענען געווען ניט קיין פאַנטאַזיעס, נאָר געדרונגען פון אַ נויטוועגדיגקייט, וואָס איז טיעף, ווי די וועלט. צי דען

בעדאַרף איך נאָך מוסיף זיין, אז אלע ווערק פון דער פלאַסטישער קונסט, וואס זענען נאָך פאַרהאַן, האָבען זייער העכסטען ווערט דערין, וואָס זיי שטעלען פאַר די געשיכטע; דערין, וואָס זיי זענען ווי אַ שטריך, וועלכען די אויבערשטע השגחה האָט גע־צויגען אויפ׳ן פּאָטרעט, אַ שטריך, וואָס איז פאָלקאָמען און שען, און וואָס לויט איהרע בעפעהלען געהען אלע ברואים פאָראויס צו זייער פערפאָלקאָמונג.

הייסט עס, אז פון היסטאָרישען שטאַנדפּונקט איז עס געוועזען די אויפגאַבע פון דער קונסט צו ערציהען אין מענשען דעם בעגריף פון שענקייט. מיר זענען איינגעטונקט אין שענקייט, נאָר אונזערע אויגען קאָנען זי ניט קלאָר זעהן. עס איז נויטיג, דורך בולט מאַכען בעזונדערע שטריכען, צו העלפען און צופיהרען דעם שלאָפעדיגען געשמאַק, מיר שניצען און מאָלען, אָבער מיר בעטראַכטען געשניצטעס און געמאָלטעס אזוי ווי מיר וואָלטען אויסגעפאָרשט דעם סוד פון דער פ אָ ר ם. דער קונץ פון דער קונסט בעשטעהט אין אָבזונדערען, אין אויסטיילען איין אָביעקט פון דער גאַנצער, פערפלאָנטערטער פערשיידענהייט. כל זמן אַ געגענשטאַנד שטעהט נאָך אין פער־בינדונג מיט אַנדערע געגענשטאַנדען, איז מעגליך הנאה, בע־טראַכטונג, אָבער ניט קיין געדאַנק. אונזער גליק און אונגליק זענען אונפּראָדוקטיוו. דאָס קינד ליגט אין אַ הינערפלעט פון תענוג, נאָר זיין אינדיווידועלער כאַראַקטער און זיין פּראַקטישער כח זענען אָבהענגיג פון דער פעולה, וואָס ער מאַכט אלע טאָג אין אָבזונדערן די געגענשטאַנדען, האָבענדיג צו טון אין יעדער צייט מיט אַנ׳איינצעלנער זאַך. ליעבע און אלע תאוות קאָנ־צענטרירען די גאַנצע עקסיסטענץ ארום איין איינציגער פאָרם. עס איז די פעהיגקייט פון געוויסע גייסטער צו געבען אַנ׳אויס־שליסליכע פולקייט דעם אָביעקט, דעם געדאַנק, דעם וואָרט,

וואָס זיי זענען פערנומען דערמיט, און צו מאַכען דאָס אויף אַ געוויסער צייט פאַר׳ן עיקר פון דער וועלט. דאָס זענען די קינסטלער, די רעדנער, די פיהרער פון דער געזעלשאַפט. די קראַפט אָבצוזונדערען און גרויס צו מאַכען דורך דער אָבזונדערונג — דאָס איז דער עצם מהות פון דער שפּראַך־קונסט אין די הענד פונ׳ם רעדנער און פון פּאָעט. אָט די שפּראַך־קונסט, אָדער די קראַפט צו פיקסירען די מאָמענטאַנע גרויסקייט פון אַ זאַך, וואָס איז אַזוי בעמערקענסווערט ביי די גרויסע פּאָעטען און שרייבער, ווי בייראָן, בארק, קארלייל, — דאָס בעווייזט דער מאָלער אין פאַרבען און דער סקולפּטאָר אויפ׳ן שטיין. די דאָזיגע קראַפט איז אָבהענגיג פון דער טיעפקייט, מיט וועלכער דער קינסטלער דרינגט אריין אין דער זאַך וואָס ער בעטראַכט. וואָרום איטליכע זאַך האָט איהרע וואָרצלען אין דער צענטראַלער נאַטור און קאָן, פערשטעהט זיך, בעוויזען ווערען אונז אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל פאָרשטעלען די גאַנצע וועלט. דעריבער איז איטליך ווערק פון זשעני דער מושל פון דער שעה און קאָנ־צענטרירט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. פאַר דעם מאָמענט איז עס דאָס איינציגע, וואָס איז ראוי געשאַפען צו ווערען — צי איז עס אַ שיר, אַנ׳אָפּער, אַ לאַנדשאַפט, אַ סטאַטוע, אַ רעדע, אַ פּלאַן פון אַ טעמפּעל, פון אַ שלאַכט, פון אַנ׳ענטדעקונגס־רייזע. באַלד אָבער געהען מיר איבער צו אַנ׳אַנדער אָביעקט, וואָס פורעמט זיך אויס אַלס אַ גאַנצע זאַך, פונקט אַזוי ווי דער ערשטער. למשל, מיר זעהען אַ שען געפלאַנצטען גאָרטען און ס׳דוכט זיך אונז, אַז קיין זאַך איז ניט כדי צו טאָן, נאָר צו פלאַנצען גערטנער. איך וואָלט געגעבענט פייער פאַר די בעסטע זאַך אויף דער וועלט, אויב איך וואָלט ניט געווען בעקאַנט מיט לופט, מיט וואַסער און ערד. וואָרום עס איז דאָס רעכט און פעהיג־קייט פון אַלע נאַטור געגענשטאַנדען, פון אַלע עכטע טאַלענטען,

פון אַלע מיטגעבראַכטע פעהיגקייטען בכלל — צו זיין פאַר זייער צייט די שפּיץ פון דער וועלט. אַ וועווערקע, וואָס שפּרינגט אַרום פון איין צווייג אויפ׳ן אַנדערען, און וואָס דער גאַנצער וואַלד איז פאַר איהר נאָר איין גרויסער בוים, געשאַפען צוליב איהר הנאה, — בעפרידיגט דעם אויג ניט ווינציגער פון אַ לייב, איז שען, זעלבסטגענוגענד און שטענדיג* נאַטירליך. אַ גוטע באַלאַדע, בשעת איך הער זי, ציהט אָן מיין האַרץ און אויער, פּונקט אַזוי ווי אַ פּאָעמאַ, וואָס איך האָב פריהער געהערט, האָט מיך דערמאָנט צוגעצווינגען. אַ הונד, געצייכענט דורך אַ מייסטער, אָדער אַ האַפּטע חזירמ׳לעך, בעפרידיגט און איז אַ ווירקליכער געגענשטאַנד ניט ווינציגער, איידער מיקעל אַנדזשעלאָ׳ס פרעסקעס (וואַנד־מאָלערייען). פון אַ גאַנצער רייה אויסגעצייכענטע אָביעקטען, וואָס געהן כסדר איינער נאָכ׳ן אַנדערן, לערנען מיר צולעצט דערקענען די אונענדליכקייט פון דער וועלט, די רייכקייט פון דער מענשליכער טבע, וואָס קאָן שטרעבען צו אונענדליכקייט אין איטליכער ריכטונג. נאָר איך דערגעה אויך, אַז דאָס, וואָס האָט געמאַכט מיך שטוינען און בעצויבערט אינ׳ם ערשטען ווערק, מאַכט מיר אויך שטוינען אין צווייטען ווערק; אַז די שענקייט אין אַלע זאַכען איז איינע.

די אויפגאַבע פון מאָלעריי און סקולפּטור איז, דוכט זיך, זעהר אַ פּשוט׳ע, די בעסטע בילדער זאָגען אונז גרינג אויס זייערע לעצטע סודות. די בעסטע בילדער זענען גראָבע צייכנונגען פון ווינציג וואונדערפולע פּינטלעך, ליניעס און קאָלירען, וואָס בילדען די שטענדיג זיך בייטענדיגע „לאַנדשאַפט מיט לעבעדיגע פיגורען״, צווישען וועלכע מיר לעבען.

מאָלעריי איז, דוכט זיך, פאַר׳ן אויג דאָס אייגענע, וואָס די קונסט פון טאַנצען פאַר די אברים. ווען די קונסט פון טאַנצען האָט אונז אויסגעלערענט, זיך אַליין צו בעהערשען, צו האַלטען זיך

מיט גראַציע, צו בעוועגען זיך מיט פלינקייט — דעמאָלט איז גלייכער פאַר אונז צו פערגעסען די טריט, וואָס דער טאַנצמייסטער האָט אונז געלערנט. אַזוי לערנט אונז אויך די מאָלעריי צו פערשטעהן דעם גלאַנץ פון די פאַרבען און דעם אויסדרוק פון דער פאָרם — און אַזוי ווי איך זעה אַ סך בילדער און אַ העכערען זשעני אין דער קונסט, אַזוי זעה איך אויך די גרעניצלאָזע רייכקייט פון פּינזעל, די גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכער דער קינסטלער שטעהט פריי אויסצוקלייבען צווישען אַלע מעגליכע פאָרמען. אויב ער קאָן מאָלען איטליכע זאַך, פאַר וואָס זאָל ער מאָלען אַבי וואָס? ערשט דעמאָלט איז מיין אויג געעפענט פאַר'ן אייביגען בילד, וואָס די נאַטור מאָלט פאַר מיר אויפ'ן גאַס, מיט זיך בעוועגענדע מענער און קינדער, בעטלערס און שענע דאַמען, אַנגעקליידעט אין רויט און גרין, אין בלוי און גרוי; לאַנגע האָר, סיווע האָר, ווייסע פּנימ'ער, שוואַרצע פּנימ'ער, פּנימ'ער מיט קנייטשען, ריזען, קאַרליקעס, גראָבע, דינע — אַלע בעדעקט מיט'ן הימעל איבער זייערע קעפּ, און ערד און ים אונטער זייערע פיס.

אַ גאַלעריי פון סקולפּטור לערנט דאָס אייגענע, נאָר בולט'ער. פּונקט אַזוי ווי מאָלעריי לערנט אויס צו פערשטעהן די פאַרבען, אַזוי לערנט אויס סקולפּטור די אַנאַטאָמיע פון דער פאָרם. ווען איך האָב געזעהען שענע סטאַטועס און געה דערנאָך אריין אין אַנ'עפענטליכער פערזאַמלונג, דעמאָלט פערשטעה איך גוט, וואָס עס האָט געמיינט דער, וואָס האָט געזאָגט: „נאָכדעם ווי איך האָב געלייענט האָמער'ן, ווייזען מיר אויס אַלע מענשען, ווי ריזען". איך זעה אויך דייטליך, אַז מאָלעריי און סקולפּטור זענען אַ גימנאַסטיק פאַר'ן אויג, זיי לערנען זי אויס שאַרפער צו זעהן. קיין איין סטאַטוע קאָן ניט ווערען צוגעגליכען צו אַ לעבעדיגען מענשען, וואָס ער שטעהט אונענדליך

העכער איבער וואָסער איהר ווילט אידעאַל פון סקולפּטור, וואָרום שטענדיג בייט ער זיך. וואָס פאַר אַ קונסט־גאַלעריי איך האָב דאָ פאַר מיר! קיינער האָט ניט געשאַפען די דאָזיגע פערשיידענע גרופּעס און אָריגינעלע איינגעאַרטיגע פיגורען. דאָ איז דער קינסטלער אַליין אונגעריכטערהייד, ווילענדיג ניט ווילענדיג, צווישען די פיגורען וואָס ער שאַפט. דאָ בעריהרט איהם פּלוצלונג איין געדאַנק, דאָ אַנ'אַנדער געדאַנק, און מיט יעדען מאָמענט בייט ער אום דעם גאַנצען אויסזעהן, די לאַגע און דעם אויסדרוק פון זיין ליים. ווארפט אַוועק אייער אייל און מאָלער־וואַרשטאַט, אייער מירמעל־שטיין און שניצמעסער! דאָ האָבען זיי קיין שום ווערט ניט. זיי בעדאַרפען בלויז דיענען, בכדי צו עפענען אייערע אויגען פאַר דער צויבערקראַפט פון דער אייביגער קונסט, אין איבעריגען זענען זיי בלויז אַ פּוסטע פערבלענדענים.

דאָס וואָס איטליכס שאַפען בעציהט זיך סוף כל סוף אויף אַ ג ר ו נ ד ־ ק ר א פ ט, דערקלערט די אַלגעמיינע שטריכען, וואָס זענען שייך צו אַלע ווערק פון דער העכסטער קונסט: וואָס זיי זענען אַלגעמיין־פערשטענדליך, וואָס זיי ברייגגען אונז צוריק צום פּשוט'סטען געמיטס־צושטאַנד, וואָס זיי זענען רעליגיעז. וואָרום די קונסט וואָס בעווייזט זיך דערין, — דאָס איז די ענט־פּלעקונג פון דער נשמה, אַ שטראַהל פון ריינער ליכט, וואָס בעדאַרף מאַכען דעם זעלביגען איינדרוק, וואָס עס מאַכען נאַטור־געגענשטאַנדען. אין גליקליכע שעה'ן ערשיינט פאַר אונז די נאַטור איינס מיט דער קונסט, אַלס פאָלקאָמענע קונסט — דאָס ווערק פונ'ם זשעני. און אַ יחיד, וואָס אין איהם זענען דער פּשוט'ער גוסט און די פעהיגקייט איינצוזאַפּען אַלע גרויסע מענשליכע איינדרוקען גובר די צופעליגקייטען פון אַנ'אָרטליכער און ספּעציעלער קולטור, — אַזא מענש איז דער בעסטער קונסט־

קריטיקער. ווען מיר זאָלען אפילו דורכוואנדערן די גאַנצע וועלט בכדי צו זוכען דאָס שענע, וועלען מיר עס דאָך ניט געפינען, אויב מיר וועלען עס ניט טראָגען מיט זיך. דאָס בעסטע פון דער שענקייט איז אַ שענערער כשוף איידער דער, וועלכען עס קאָנען לערנען די כללים פון דער קונסט -- דאָס איז אַנ׳אויס-שטראַהלונג פונ׳ם קונסטווערק, פונ׳ם מענשליכען כאַראַקטער, -- אַ וואונדערפולער אויסדרוק דורך שטיין אָדער לייוועגט אָדער מוזיקאַלישע קלאַנגען פון די טיעפסטע און פשוט׳סטע אייגענ-שאַפטען פון אונזער טבע, און דעריבער איז עס פערשטענדליך מעהר פון אַלעמען פאַר אַזעלכע נשמות, וואָס האָבען אַליין אָט די אייגענשאַפטען. אין די סקולפּטור-ווערק פון די גריכען, אין די בנינים פון די רוימער און אין די בילדער פון די טאָסקאַנישע און ווענעציאַנישע מייסטערס -- איז דער העכסטער צויבער די אַלגעמיינע שפראַך, וואָס זיי רעדען. אַ מין רעליגיע פון מאָ-ראַלישער נאַטור, פון ריינקייט. ליעבע און האָפענונג אָטעמט אַרויס פון זיי אַלעמען. דאָס אייגענע וואָס מיר טראָגען אַריין אין זיי, טראָגען מיר אויך צוריק אַרויס, נאָך הערליכער בע-לויכטען אין זכרון. דער רייזענדער, וואָס בעזוכט דעם וואַטיקאַן און געהט אַרום פוז איין חדר אינ׳ם אַנדערען פאַרביי גאַלערייען פון סטאַטועס, וואַזען, סאַרקאָפאַגען *) און קאַנדעלאַבערס, פאַרביי אַלע די פאָרמען פון שענקייט, יואָס זענען אויסגעשניצט אויף די רייכסטע מאַטעריאַלען, -- קאָן גרינג פערגעסען, ווי פשוט עס זענען די יסודות, וואָס פון זיי זענען זיי געדרונגען, און אַז זיי שטאַמען אָב פון די זעלבינע געדאַנקען און געזעצען, וואָס זיצען אין זיין אייגענער ברוסט. ער שטודירט די טעכנישע כללים פון דער דאָזיגער וואונדערפולער ירושה, נאָר ער פערגעסט, אַז די

*) גרויסאַרטיגע אַרונות.





ווערק זענען גאָרניט שטענדיג אזוי צונויפגעשטעלט געוואָרען; אז א סך לענדער און א סך דורות האָבען אריינגעטראָגען זייער חלק אין זיי; אז איטליך ווערק איז ארויסגעקומען פונ׳ם ווארשטאַט פון א קינסטלער, וואָס האָט געארבייט ביחידות און האָט אפשר גאָרניט געוואוסט, אז עס עקסיסטירען אנדערע סקולפטור־ווערק; אז אפשר האָט ער געשאפען, זיין ווערק, ניט האָבענדיג קיין אנדער מאָדעל, חוץ דאָס לעבען, דאָס פשוט׳ע בעל־הבת׳ישע לעבען און די פרייד און צער פון די פערזענליכע בעציהונגען, פון שלאָגענדע הערצער און אויגען, וואָס בעגעגענען זיך, פון אָרימקייט און נויטווענדיגקייט, פון האָפענונג און שרעק. אָט דאָס אַלץ איז געווען, וואָס האָט איהם בעגייסטערט, און דאָס זענען די רעזולטאַטען, וואָס ער טראָגט אהיים פאר אייער הארץ און געמיט. אין ערך צו זיין קראַפט, וועט דער קינסטלער געפינען אין זיין ווערק אַנ׳אויסוועג פאר זיין אייגענעם כאראַקטער. ער וועט בשום אופן ניט זיין איינגעענגט אָדער פערהינדערט דורך זיין מאַטעריאַל. נאָר היות ווי ער מוז בעל כרחו זיך ארויס־זאָגען, דעריבער וועט דער דימאַנט ווערען צו וואקס אין זיינע הענד און וועט דערלאָזען איהם זיך ארויסצוגעבען אין זיין גאַנצער גרויס, ניט קיין אָנגענומענע נאַטור אָדער קולטור בעדאַרף ער ארויפלאָזען אויף זיך, אויך בעדאַרף ער ניט פרעגען, וואָס איז די מאָדע אין רוים אָדער אין פאריז. נאָר די שטוב און דער וועטער און דער ארט לעבען, וואָס אָרימקייט און דער מזל פון געבאָרען אָן האָבן זיי געמאַכט צוגלייך אי פערהאַסט אי טייער, אין דער גרויער, אונגעפאַרבטער הילצערנער כאַלופקע, אָדער אין ווינקעל פון דאָרפישען הייזעל אָדער אין דער ענגער דירה, וואו ער האָט אויסגעהאַלטען אַלע דחקות פון שטאָטישער אָרימקייט, — דאָס אַלץ וועט דינען פונקט אזוי גוט, ווי אַנ׳אַנדער לאַגע, אַלס א סימבאָל פון א געדאַנק, וואָס פליסט דורך אַלץ

אָהן אונטערשייד.

איך געדענק, אַז אין מיינע יונגע יאָהרען, בשעת איך האָב געהערט וועגען די וואונדערליכע זאכען פון דער איטאַליענישער מאַלעריי, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז די גרויסע בילדער מוזען זיין עפּיס ניט געוועהנליכעס; אַנ׳איבערראַשענדע קאָמ־בינאַציע פון פאַרבען און פאָרם; אַנ׳אויסטערלישער וואונדער, באַרבאַרישע פּעריל און גאָלד, פּונקט אַזוי ווי די פּליטערלעך און פאָהנען פון מיליטער, וואָס בעצויבערן אַזוי די אויגען און דעם כח הדמיון פון חדר־יונגלעך. איך האָב געמיינט צו זעהן און צו דערוויסען זיך מי יודע וואָס. נאָר אַז איך בין סוף כל סוף גע־קומען קיין רוים און איך האָב דערזעהן מיט מיינע אויגען די בילדער, האָב איך געפונען, אַז דער זשעני האָט איבערגעלאָזט פאַר אָנפאַנגער דאָס העלפאַרביגע, דאָס פאַנטאַסטישע, דאָס פּראַהלענדע, און אַליין גופא שטרעבט ער דירעקט צו פשוט׳קייט און וואַהרהאַפטיגקייט. אַז דער זשעני איז אויפריכטיג און פאַ־מיליער; אַז ער איז אַלט, אַנ׳אייביגער פאַקט, וואָס איך האָב שוין בעגעגענט אין אַזוי פיעל פאָרמען, וואָס מיט איהם האָב איך געלעבט; אַז ער איז פשוט איהר און איך, ווענען איך קען אַזוי גוט,— וועגען וואָס מיר האָבען אַזוי אָפט געשמועסט אין דער היים. די אייגענע ערפאַהרונג האָב איך שוין געהאַט אין אַ קירך אין נעאַפּעל. דאָ האָב איך געזעהן, אַז קיין זאַך האָט זיך ביי מיר ניט אומגעביטען. חוץ דעם אָרט, און איך האָב צו מיר אַזוי געזאָגט: „דו נאַריש קינד, צי דען ביזטו גע־קומען אַהער איבער פיער טויזענר מייל געזאַלצענע וואַסער, בכדי צו געפינען דאָס, וואָס איז געווען פאַלקאָמען אין דיר דאָרט אין דער היים?״ דעם זעלבינען פאַקט האָב איך געזעהן ווידער אין דער אַקאַדעמיע פון נעאַפּעל, אין די זאַלען פון סקולפּטור, און ווידער אַמאָל, אַז איך בין געקומען קיין רוים, צו די בילדער

פון ראַפאַעל, אַנדזשעלאָ, סאַקי, טיציאַן און לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי. „וואָס, אַלטער מויל־וואורף! אַרבייסטו אַזוי פלייסיג אין דער ערד?" דאָס האָט דאָך געריזט נעבען מיר: וואָס איך האָב געטראַכט, אַז איך האָב עס געלאָזען אין באָסטאָן, איז געוועזן דאָ אין וואַטיקאַן און ווידער אין מיין לאַנד און אין פּאַריז, און אַלע רייזען זענען לעבערליך, ווי אַ פערד אין קאָלאָוראַד, וואָס געהט און געהט און בלייבט אַלץ אויפ׳ן איינענעם אָרט. און איצט בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אָט די אַלע בילדער ניט זיי איבערראַשען מיך, ווי עפּעס פרעמדס, נאָר זיי זענען נאָהענט צו מיין האַרץ.

בילדער בעדאַרפען ניט זיין צו פיעל מאָלעריש. איבער קיין זאַך ווערען ניט מענשען אַזוי נשתומם, ווי איבער׳ן פשוט׳ען שכל און איבער קלאָרע פערשטענדליכע מעשים. אַלע גרויסע מעשים זענען געוועזן פשוט, און אַלע גרויסע בילדער זענען אויך אַזוי.

די מבינות פון בילדער־הענדלער האָט איהר ווערט, אָבער האָרכט ניט אויף זייער קריטיק, בשעת א י י ע ר האַרץ איז בעריהרט פונ׳ם זשעני. דאָס גרויסע בילד איז געוואָרען געמאָלט ניט פאַר זיי, ס׳איז געמאָלט פאַר אייך; פאַר די, וואָס האָבען אויגען, וואָס זענען מסוגל צו ווערען געריהרט דורך פשוט׳קייט און געהויבענע געמיטס־בעוועגונגען.

פונדעסטוועגען נאָכדעם ווי מיר האָבען אַרויסגעזאָגט אַלע די שענע זאַכען וועגען די קינסטען, מוזען מיר צום סוף אָפען זיך מודה זיין, אַז די קינסטען, אַזוי ווי מיר קענען זיי, זענען מעהר ניט ווי אַ ראשי תבות. אונזער בעסטער לויב איז אָבער געגעבען פאַר דאָס, צו וואָס זיי שטרעבען און וואָס זיי זאָגען צו און ניט פאַר דעם, וואָס מיר זעהן איצט. דער יעניגער האָט אַ נידעריגע פאָרשטעלונג וועגען דעם מענשענס פעהיגקייטען, ווער עס גלויבט, אַז די בעסטע צייט פון שאַפונג איז שוין פאַרביי. דער

אמת׳ער ווערט פון דער איליאַדע אָדער פון ראַפאַעל׳ס אַ בילד בעשטעהט דערין, וואָס זיי זענען סימנים פון מאַכט זיי זענען כוואַליעס אָדער קליינע וועלכעל׳עך אויפ׳ן גרויסען שטראָם פון דער שטרעבונג; סימנים פון דער אייביגער קראַפט־אָנשטרענגונג צו שאַפען, וואָס די נשמה ווייזט אַרויס אַפילו אין איהר ערגסטען צושטאַנד. די קונסט איז נאָך ניט צייטיג געוואָרען, אויב זי שטעלט זיך ניט פנים אל פנים מיט די מעכטיגסטע שטרעמונגען אין דער וועלט, אויב זי איז ניט פראַקטיש און מאָראַליש, אויב זי שטעהט ניט אין בעריהרונג מיט׳ן געוויסען, אויב זי לאָזט ניט פיהלען די אָרימע און אונגעבילדעטע, אַז זי ווענדט זיך צו זיי מיט אַ קול פון געהויבענער פרייד. ס׳איז פאַרהאַן אַ העכערער סאָרט ווירקונג פאַר דער ק ו נ ס ט, איידער די קונסטען, וואָס מיר האָבען איצט, די קינסטען זענען מעהר ניט די מפיל־קינדער, וואָס אַ ניט־פאָלקאָמענער און פעהלערהאַפטער אינסטינקט האָט געהאַט. קונסט איז די בעדערפנים צו שאַפען; אָבער אין איהר עצם, וואָס איז אָהן אַ גרעניץ און נעהמט אַרום די גאַנצע וועלט, קאָן זי ניט פערטראָגען צו אַרבייטען מיט קראַנקע און מידע הענד און צו שאַפען קאַליקעס און בריאות משונות — ווי די אַלע בילדער און סטאַטועס, וואָס מיר זעהען. איהר ענדציעל איז ניט קיין קלענערע זאַך, ווי צו שאַפען דעם מענשען און די נאַטור. אַ מענש בעדאַרף קאָנען געפינען אין איהר אַנ׳אויסוועג פאַר זיין גאַנצער ענערגיע. ער דאַרף מאָלען און שניצען, כל זמן ער קאָן דאָס טון. די קונסט מוז משמח זיין, מוז אַנידערוואַרפען די ווענט, וואָס די אויסווייניגסטע תנאים האָבען אַרומגעבויט פון אַלע זייטען, און דערוועקען אינ׳ם צושויער דעם אייגענעם געפיהל פונ׳ם אוניווערסאַלער קרובה׳שאַפט און קראַפט, וואָס דאָס ווערק האָט קלאָר בעוויזען אינ׳ם קינסטלער; און די העכסטע אויפגאַבע איהרע איז — צו מאַכען נייע קינסטלער.

די געשיכטע איז שוין אַלט גענוג אויף צו בעווייזען, אַז איינצעלנע קונסטען קענען ווערען אַלט און--- פערשווינדען. די קונסט פון סקולפּטור איז שוין זינט אַ לאַנגע צייט טויט און האָט ניט קיין שום רעאַלע ווירקונג. פון גרונד אויס איז עס געווען אַ נוצליכע קונסט, אַ געוויסער אופן צו שרייבען, אַ זכר פון דאַנקבאַרקייט און איבערגעבענהייט מצד אַ ווילדען מענשען, און ביי אַ פאָלק, וואָס האָט געהאַט אַ זעלטענעם בעגריף פון דער פאָרם איז די דאָזיגע קינדישע שניצעריי געוואָרען פערפיינערט ביז צום אויסערסטען גלאַנץ. נאָר דאָס איז אַ שפּיעל פאַר אַנ׳אונענטוויקעלטען און יונגען פאָלק, אָבער ניט קראַפט־פולע אַרבייט פון אַ קלוגער און גייסט־רייכער נאַציע. אונטער אַ דעמב בעלאָדען מיט בלעטער און דעמבען־ניס, אונטער אַ הימעל, וואָס איז פול מיט אייביגע אויגען, שטעה איך אויף אַ שייד־וועג. אויב אונזער שאַפונג בלייבט פערגליווערט אין די ווערק פון אונזערע פּלאַסטישע קונסטען און בעזונדערס פון סקולפּטור, דעמאָלט איז זי פערוואָרפען אין אַ ווינקעל. איך קאָן ניט בעהאַלטען פון זיך, אַז אין דער סקולפּטור ווייזט זיך אַרויס די אָרימקייט פון געוויסע טעאַטראַלישע עפעקטען. די נאַטור שטייגט אַריבער אַלע אונזערע אופנים פון טראַכטען, און איהר סוד האָבען מיר נאָך ניט אַרויסגעפונען. נאָר די קונסט־גאַלעריי האַלט זיך אויפ׳ן חסד פון אונזערע שטימונגען, און דאָ איז פאַרהאַן אַ מאָמענט, בשעת זי ווערט נישטיג. איך וואונדער זיך ניט, וואָס ניוטאָן, וועלכער איז געווען שטענדיג אַריינגעטאָן אין דעם גאַנג פון די פּלאַנעטען און זונען, האָט זיך געקאָנט וואונדערן, וואָס דער גראַף פון פּעמבראָן ווערט דאָ נתפעל פון די „שטיינערנע באָלוואַנעס״. סקולפּטור קאָן דיענען צו לערנען דעם תלמיד, ווי טיעף עס איז דער סוד פון דער פאָרם, ווי ריין דער גייסט קאָן איבערטראָגען זיינע געדאַנקען אין אָט דעם בע־

רעדעווידיגען דיאַלעקט. נאָר די סטאַטוע וועט אויסזעהן קאַלט און פאַלש פאַר דער נייער אקטיוויטעט, וואָס בעדאַרף זיך בעוועגען דורך אַלע זאַכען און קאָן ניטליידען קיין געפּעלשטע און ניט לעבעדיגע זאַכען. מאַלעריי און סקולפּטור זענען די פערהערליכונג און דער יום־טוב פון דער פאָרם. גאָר אמת׳ע קונסט איז קיין מאָל ניט אונבעוועגליך, נאָר שטענדיג פליסענד. די שענסטע מוזיק איז אין ניט אַן׳אָראַטאָריע *), נאָר אין מענש־ליכען קול, בשעת עד רעדט ארויס פון זיין אַלטעגליכען לעבען טענער פון צערטליכקייט, וואָהרהאפטיגקייט אָדער מוט. די אָראַטאָריע האָט שוין אָנגעוואָהרען איהר צונויפבונד מיט׳ן מאָרגען, מיט דער זון און מיט דער ערד, נאָר די איבערצייגענדע שטים פונ׳ם געוועהנליכען לעבען קלינגט הארמאָניש מיט זיי צוזאַמען. קונסטווערק טאָרען ניט זיין צעגלידערטע, נאָר זיי מוזען זיך אויסגיסען מיט אמאָל איגנאַנצען. א גרויסער מענש איז א נייע סטאַטוע אין איטליכער לאַגע און אין איטליכער טועכץ זיינער. א שענע פרוי — איז א בילד וואָס טרייבט אַלע צושויער צו אַנ׳איידעלן מין משוגעת. דאָס לעבען קאָן זיין ליריש אָדער עפּיש, פונקט אזוי ווי א פּאָעמא אָדער א ראָמאַנס.

די אמת׳ע בשורה פונ׳ם שאַפונגס געזעץ — אויב א מענש זאָל זיין ראוי זי אָנצוזאָגען — וואָלט אַריבערגעטראָגען די קונסט אינ׳ם קעניגרייך פון דער נאַטור און וואָלט מבטל געמאַכט איהר בעזונדערן און סותר׳דיגען קיום. די פאָנטאַנען פון ערפינדונג און שענקייט זענען אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט אינגאַנצען אויסגעטריקענט. א פּאָלקסטימליכע נאָוועלע, א טעאַטער, א באַל־זאַל לאָזען אונז פיהלען, אז מיר אַלע זענען אָרימע־לייט אינ׳ם הקדש פון אָט דער וועלט, וואָס איז אָהן ווערדע, אָהן

*) גייסטליכע אָפּערע.

קענטעניסען און פלייס. קונסט איז אזוי אָרים און נידעריג. די טראַגישע נויטווענדיגקייט וואָס ליגט אויף די ברעמען אפילו פון די ווענוס׳עס און קופידאָ׳ס פון אַלטערטום און וואָס בילדעט די איינציגע פערענטפערונג פאַר׳ן אריינדרינגען פון אַזעלכע אוננאַטירליכע פיגורען אין דער נאַטור, — וואָרום די איינציגע פערענטפערונג זייערע איז דאָך דאָס, וואָס זיי זענען געווען נויטווענדיג; וואָס דער קינסטלער איז געווען אַזוי פער׳שכור׳ט דורך דער תאווה צו דער פאָרם, אַז ער האָט ניט געקאָנט איינ־האַלטען; און די דאָזיגע שכרות האָט געפונען זיך אַנ׳אויסוועג אין די דאָזיגע שענע משונה׳דיגע ברואים, — אָט די נויטווענדיג־קייט דערהויבט איצטער ניט דעם שניצמעסער אָדער דעם פינזעל. נאָר דער קינסטלער און דער קענער זוכען יעצט אין דער קונסט אַנ׳אויסדרוק פון זייער טאַלענט אָדער אַנ׳עיר־מקלט, וואו צו בעהאַלטען זיך פאַר די צרות פון לעבען. די מענשען זענען ניט נאָר צופרידען מיט׳ן אויסזעהן, וואָס זיי האָבען אין זייער איינענעם דמיון, און זיי אַנטלויפען צו דער קונסט און גיבען איבער זייערע בעסטע געפיהלען אין אַנ׳אָראַטאָריע, אַ סטאַטוע אָדער אַ בילד. די קונסט מאַכט די זעלביגע אָנ־שטרענגונג, וואָס עס מאַכען די געזונדע חושים: דאָס הייסט אָבצוזונדערען דאָס שענע פון דאָס נוצליכע, אָבטאָן די אַרבייט, אויף וויפיעל מען קאָן אָהן איהר זיך ניט בעגעהן, און פיינט האָבענדיג זי, אַריבערגעהן צו תענוגים. אָט די טרייסטונגען און בעלוינונגען, אָט דעם אָבזונדערען די שענקייט פונ׳ם נוצען — דאָס דערלאָזען ניט די נאַטור־געזעצען. וויבאַלד אַז שענקייט ווערט געזוכט, ניט פון שטרעבונג צו רעליגיע אָדער ליעבע נאָר צוליב פערגניגען — ערנידעריגט עס דעם זוכער. צו קיין געהויבע־נער שענקייט וועט ער שוין ניט דערגרייכען ניט אויפ׳ן לייווענט און ניט אין שטיין, ניט אין קלאַנגען און ניט אין לירישען בוי;

אנ׳אויסגעמאַטערטע, פאַרזיכטיגע קראַנקע שענקייט, וואָס איז אפילו גאָר קיין שענקייט ניט — דאָס איז אַלץ, וואָס ער קאָן שאַפן; וואָרום די האַנט קאָן קיין מאָל ניט אויספיהרען אַ זאַך וואָס איז העכער פון דעם, וואָס בעגייסטערט דעם שעפער.

אזעלכע קונסט וואָס שיידט אָב אויף אזא אופן, איז אַליין אָבגעשיידט. קונסט טאָר ניט זיין קיין אויבערפלעכליכער טאַ־לענט, נאָר זי מוז זיך אָנאויבען אַ סך טיעפער אינ׳ם מענשען. איצט זעהען ניט די מענשען, אַז די נאַטור איז שען, און געהען מאַכען אַ סטאַטוע, וואָס בעדאַרף כלומר׳שט זיין שען. זיי פער־אַכטען מענשן, וועלכע זיי האַלטען פאַר געשמאַקלאָז, נאַריש און פאַרהאַרטעוועט — און טרייסטען זיך אַליין מיט פאַרבענ־זעקלעך און שטיקער מירמעלשטיין. זיי פערוואַרפען דאָס לעבען־מחמת עס איז פראַזאַאיש, און שאַפען אַ טויט, וואָס זיי רופען עס אָן פּאָעזיע. זיי פטר׳ן גיך אַראָב די שווערע זאָרג פונ׳ם טאָג — און אַנטלויפען צו תאוה׳דיגע חלומות. זיי עסען און טרינקען, בכדי זיי זאָלען קענען שפּעטער פערווירקליכען דעם אידעאַל. אַזוי ווערט די קונסט פערשוועכט; דער נאָמען פון דעם קונסט ווערק גיט איבער דעם געמיט בלויז די ניט־וויכטיגע און שלעכטע בעדייטונג; שענקייט מוז קומען צוריק צו די נוצליכע קונסטען און דער חלוק צווישען די שענע און נוצליכע קונסטען מוז ווערען פערגעסען. אויב די געשיכטע וואָלט געווען ריכטיג דערצעהלט, אויב דאָס לעבען וואָלט געווען פערבראַכט אַזוי אַנ׳איידעל׳ן אופן, דעמאָלט וואָלט ניט געווען גרינג אָדער אפילו מעגליך צו אונטערשיידען קונסט פון דער נאַטור. אין דער נאַטור איז אַלץ ניצליך און אַלץ איז שען! עס איז שען דערפאַר, ווייל עס לעבט, בעוועגט זיך און ברענגט אַרויס נייע בעשעפעניסען; ס׳איז דערפאַר נוצליך, ווייל עס איז סימעטריש און שען. שענקייט וועט ניט קומען אויפ׳ן רוף פון דער געזעצגעבונג און וועט ניט

איבער׳חזר׳ן אין ענגלאַנד אָדער אַמעריקאַ איהר געשיכטע, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין גריכענלאַנד. זי וועט קומען, ווי שטענדיג, אונגעריכטערהייד, און וועט זיך פּלוצלונג בעווייזען צווישען בראַווע און ערנסטע מענשען. אומזיסט וואַרטען מיר, אַז עס וועט קומען אַ זשעני און וועט איבער׳חזר׳ן די נסים, וואָס זענען אויפגעטאָן געוואָרען אין די אַלטע קונסטען; דעם זשעני׳ס אינסטינקט איז צו געפינען שענקייט און הייליגקייט אין נייע און נויטוועדיגע פאַקטען, אין פעלד און ביי׳ן זייט פון וועג, אין פאַבריק און אין מיהל. אַרויסגעהענדיג פון אַ רעליגיעזען האַרצען, וועט די קונסט אויפהויבען ביז צו אַ געטליכען געברויך די אייזענבאַהן, די פערזיכערונגס־געזעלשאַפט, די אַקציאָן־געזעל־שאַפט; אונזערע געזעצען, פערזאַמלונגען, האַנדעל, די גאַלוואַ־נישע באַטעריי, די עלעקטרישע פלאַש, די פּריזמע, דעם כעמיקער׳ס רעטאָרטע; --- וואָס ביז איצט זוכען מיר דערין בלויז עקאָנאָמישע נוצען. צי דען איז ניט דער עגאָאיסטישער און אַפילו דער אַכזריות׳דיגער אויסזעהן, וואָס עס האָבען אונזערע גרויסע מעכאַנישע פאַבריקען, אונזערע מיהלען, אייזענבאַהנען און מאַש.נעריע --- צי איז דאָס דען ניט אַ פּועל־יוצא פון דער תאוה צו געלד, וואָס צו איהר געהאָרכען די אַלע ווערק? אויב איהר שליחות איז איידעל און גוט, דאַן איז אַ דאַמפף־שיף, וואָס מאַכט אַ בריק איבער׳ן אַנטלאַנטישען אָקעאַן צווישען אַלט־און ניי־ענגלאַנד און וואָס קומט אָן אין די האַפענס מיט דער פּינקטליכקייט פון אַ פּלאַנעט, --- אַזאַ שיף איז אַ טריט פונ׳ם מענשען צו דער האַרמאָניע מיט דער נאַטור. אויב וויסענ־שאַפט ווערט געלערנט אין ליעבע, און איהרע קרעפטען ווערען געטריבען דורך ליעבע --- דעמאָלט וועלען זיי ערשיינען אַלס די פערפאָלקאָמונג און צוגאָבען צו דער מאַטעריעלער שאַפונג.

---

**ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן.** אמעריקאַנער פילאָזאָף און דיכטער. געבאָרען 1803, געשטאָרבען 1882. צוזאַמען מיט קאַרלייל און טען געהערט ער צו די גרעסטע דענקער און דיכטער פון דעם פאָריגען יאָהר הונדערט. א זוהן פון א גלח האָט ער אין דער יוגענד זיך געגרייט אליין צו זיין א גלח. איז געווען א געוויסע צייט פרעדיגער אין באָסטאָן. נאָר זיין פרייער און זעלבסטשטענדיגער גייסט, דער גייסט פון א דיכטער און פילאָזאָף האָט זיך געפיהלט ענג אין די גרענעצען פון קירכליכע דאָגמען, (עקרים). אין יאָהר 1832 האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון זיין בערוף אלס רעליגיאָנס־פרעדיגער און האָט זיך אָנגעהויבען בעשעפטיגען מיט לעזען עפענטליכע לעקציעס און מיט ליטעראַטור. אין יאָהר 1833 האָט ער געמאַכט א רייזע איבער אייראָפּאַ, איז בעקאָנט געוואָרען מיט די גרעסטע אייראָפּייאישע דענקער, בעזאָנדערס מיט דעם פראַנצויזישען היסטאָריקער און פילאָזאָף --- קאַרלייל, מיט וועלכען ער איז געבליבען פערבונדען אין טרייער פריינדשאַפט אויפ׳ן גאַנצען לעבען. די רייזע איבער אייראָפּאַ, איבערהויפּט איבער ענגלאַנד, האָט איהם בעקאָנט געמאַכט מיט די טראַדיציאָנעלע קולטור־פאָרמען פון דער אלטער וועלט און האָט אין איהם ענטפלעקט דעם טאַלענט פון א פסיכאָלאָג. פון דעמאָלט אָן הויבט עמערסאָן אָן צו שרייבען זיינע בעריהמטע עסעים --- קריטיש־פילאָזאָפישע מאמרים, וועלכע האָבען איהם ערוואָרבען אַנ׳אַלוועלטליכע בעריהמטהייט און געמאַכט אונשטערבליך זיין נאָמען. אין זיינע עסעים זענען פעראייניגט די שענסטע פּאָעזיע מיט דעם טיפסטען פילאָזאָפיש־קריטישען

געדאנק, צו אזא גראד, אויף וועלכען די גרעסטע דענקער פון אלע
צייטען זענען נאָר געווען פעהיג זיך אויפצוהויבען. עמערסאָן איז
דער פאָרשטעהער פון יענער אַזוי גערופענער אַמעריקאַנישער
טראַנסצענדענטאַל-פילאָזאָפישער וועלט-אַנשויאונג, וועלכע
גיט צו א גרויסע בעדייטונג דער זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם
מענשענס פערזענליכקייט. פון דער נאַטור — הייסט עס לויט
אָט דער וועלט-אַנשויאונג — האָבען אַלע מענשען גלייכע גייסטיגע
און מאָראַלישע פעהיגקייטען, יעדער קאָן זיך דערהויבען צו דער
מדרגה פון א העלד, א דיכטער, א דענקער, ער דאַרף נאָר
האָבען צו זיין ענטוויקלונג די גינסטיגע אויסערליכע אומשטענ-
דען. די נאַטור איז די אָפּענבאַרונג, די התגלות, פון גאָט און
גאָט איז שענהייט, חכמה, ליעבע און קראַפט. עמערסאָן איז
געווען א וואַרעמער אָנהענגער פון פוריע׳ס קאָמוניסטישע אידעע-
אַלען און האָט גענומען אַנטייל אין דער קאָמוניסטישער פאַרם,
וואָס האָט זיך אין די פערציגער יאָהרען געגרינדעט אין ברוקלין.
זיינע בעריהמטסטע מאמרים זענען: Essays on
Representative men („עסעים וועגען גרויסע מענער״)
Essays on the nature („עסעים וועגען דער נאַטור״)׳
Method of nature and man the reformer (מעטאָד
פון דער נאַטור און דער מענש אַלס רעפאָרמער) און אַנדערע.
צו די בעסטע עסעים עמערסאָנ׳ס בעלאַנגט אויך דער מאמר
„קונסט״, וואָס איז געדרוקט אין דיזען ביכעל.

---

# וואָס הייסט קונסט?

---

אין אונזער געזעלשאַפט איז די קונסט אויף אזוי פיעל פערדאָרבען געוואָרען, אז ניט בלויז האָט זיך שלעכטע קונסט אָנגעהויבען צו רעכענען פאר גוטע, נור אפילו דער סאמע בע־גריף וועגען דעם, וואָס איז קונסט, איז פערלאָרען געגאנגען. און דעריבער: אז מיר וועלען ריידען וועגען דער קונסט פון אונזער געזעלשאַפט, דארף מען פריער פון אַלץ אויסטיילען אמת׳ע קונסט פון פאַלשע.

צו דערקענען אמת׳ע קונסט פון פאַלשע, איז דאָ איין ריכטיגער סימן, דאָס איז: אויף וויפיעל די קונסט בעהערשט אייער נשמה.

איהר לעזט איבער, אָדער איהר דערהערט, אָדער איהר דערזעהט א ווערק פון אַנ׳אַנדער מענשען, און פיהלט דערביי אזא געמיט־־צושטאַנד, וואָס פעראייניגט אייך מיט אָט דעם מענשען און מיט אַנדערע מענשען, וועלכע נעהמען אויף אין זייער נשמה, גלייכצייטיג מיט אייך, דעם געגענשטאַנד פון קונסט, איז אָט די זאַך, וואָס רופט ארויס ביי אייך אזא צו־שטאַנד, הייסט א קונסט־זאַך.

ווי דער געגענשטאַנד זאָל נישט זיין פּאָעטיש, ריכטיג נאָכגעמאַכט, איינדרוקספאָל און אינטערעסאַנט, איז ער ניט קיין קונסט־געגענשטאַנד, ווען ער רופט ניט אַרויס אין דעם

מענשען אָט דעם מין פריידע־געפיהל, וואָס איז ניט גלייך צו קיין שום אנדערען עהנליכבען געפיהל, דאָס פריידע־געפיהל, וואָס פעראייניגט איהם אין דער נשמה מיט די אנדערע (די צוהערער, אָדער צושויער), וואָס פּאַסען אויף דאָס זעלבע קונסט־ווערק.

אמת, אָט דעם סימן איז שווער אויסצודריקען דייטליך מיט ווערטער. ער ליעגט טיעף פערבאָרגען אין דעם מענשענס נשמה. עס זיינען פאַראַנען מענשען, --און אזוינע מענשען זיינען דאָ א סך--- וואָס האָבען פערגעסען די ווירקונג, וואָס אמת׳ע קונסט מאַכט. זיי פערלאַנגען פון קונסט גאָר עפּעס אנדערש. אזוינע מענשען קענען דענקען, אַז אָט דער מין געפיהל פון אמוזירונג און אויפרעגונג, וואָס זיי שפירען ביי געפּעלשטע קונסט, איז דער ריכטיגער עסטעטישער געפיהל. אַזוינע מענשען וועט איהר מיט גאָרניט קענען איבערצייגען, פּונקט ווי איהר קענט ניט איבערצייגען א מענשען מיט א קראַנקער ראיה, וואָס נעהמט אָן איין פאַרב פאַר דעם אנדערען, אַז דאָס, וואָס ביי איהם קומט אויס גרין, איז גאָר באמת רויט, און פערקעהרט. ביי מענשען אָבער, וואָס זייער געפיהל צו קונסט איז ניט פערדאָרבען און ניט אָבגעגומען, איז דער סימן, וואָס איז אויבען אָנגעגעבען, פּאָלקאָם בעשטימט. ער לאָזט אייך אונטערשיעדען גאַנץ קלאָר דעם געפיהל, וואָס אמת׳ע קונסט רופט אַרויס, פון יעדען אנדער געפיהל.

דער עיקר בעזונדערער שטריך פון אָט דעם געפיהל דריקט זיך אויס דערין, אַז דער מענש, וואָס נעהמט אויף די קונסט־ווערק, גיסט זיך אויף אַזוי פיעל צונויף מיט׳ן קינסטלער, אַז איהם דוכט זיך, אַז דער געגענשטאַנד, וואָס ער פּאַסט אויף, איז געמאַכט ניט פון אַנ׳אַנדערען, נאָר פון איהם אליין, און אַז דאָס אַלץ, וואָס אָט דער געגענשטאַנד דריקט אויס, איז פונקט

דאָס זעלבע, וואָס איהם אַליין האט זיך שוין לאַנג געוואָלט אויסדריקען.

אַנ׳אמת׳ע קונסט־ווערק ווירקט אַזוי, אַז אין דעם בע־וואוסטזיין פון דעם צושויער, אָדער צוהערער ווערט פערשוואונדען דער אונטערשיעד צווישען איהם און דעם קינסטלער, און ניט בלויז צווישען איהם און דעם קינסטלער, נאָר צווישען איהם און אַלע מענשען, וואָס נעהמען אויף אין זיך דאָס זעלבע קונסט־ווערק.

אָט אין דערין, וואָס די פערזענליכקייט בעפרייט זיך פון דעם, וואָס טיילט איהר אָב פון אַנדערע מענשען, פון איהר אייגענער איינזאַמקייט,; אָט אין דעם צונויפגיסען זיך פון דער פערזענליכקייט מיט אַנדערע, ליעגט די הויפט צוציהונגסקראַפט און אייגענאַרטיגקייט פון דער קונסט.

שפירט אַ מענש אָט דאָס געפיהל, ווערט ער בעהערשט פון דעם געמיט־צושטאַנד, אין וועלכען עס געפינט זיך דער אויטאָר, פיהלט ער זיין צונויפגיסונג מיט אַנדערע מענשען, דאַן איז דער געגענשטאַנד וואָס רופט אַרויס אָט דעם צושטאַנד --- קונסט. איז ניטאָ אָט די נשמה־בעהערשונג, ניטאָ קיין צוזאַמענ־גיסונג מיט׳ן אויטאָר און מיט די אַנדערע מענשען, וואָס פאַסען אויף דאָס ווערק --- דאַן איז ניטאָ קיין קונסט.

די בעהערשונג פונ׳ם ווערק איז נאָך ניט גאָר. דער גראַד, וואָס ווייזט, ווי שטאַרק דער מענש ווערט בעהערשט פונ׳ם ווערק, איז די איינציגע מאָס, מיט וועלכער עס ווערט געמאָסטען דער ווערט פון קונסט.

וואָס שטאַרקער איינער ווערט בעהערשט פון אַ קונסט־ווערק, אַלץ בעסער איז די קונסט, אַלס קונסט, ניט ריידענדיג וועגען איהר אינהאַלט, ד, ה. אונאַבהעניג פון דעם ווערט פון יענע געפיהלען, וועלכע זי, די קונסט, גיט איבער.

אַז די קונסט זאָל אונז קענען בעהערשען, זענען נויטיג

דריי בעדינגונגען: ערשטענס, עס זאָל זיין עפּעס בעזונדערס אין דעם געפיהל, וואָס זי גיט איבער; צווייטענס, אז אָט דער געפיהל זאָל זיין מעהר אָדער וועניגער קלאָר; און דריטענס, אַז דער קינסטלער זאָל זיין אויפריכטיג, ד. ה., אַז דער קינסטלער מוז אַליין איבערלעבען מיט אַ מעהר אָדער וועניגער שטאַרקער קראַפט דעם געפיהל, וואָס ער גיט איבער.

וואָס איינענטימליכער ס׳איז דאָס געפיהל, וואָס ווערט איבערגעגעבען, אַלץ שטאַרקער ווירקט דאָס אויף דעם, וואָס פאַסט עס אויף.

וואָס איינענטימליכער עס איז דער געמיט־צושטאַנד אין וועלכען ער, דער אויפפאַסער, טראָגט זיך איבער, אַלץ מעהר גענוס פיהלט ער אין זיין נשמה. און דעריבער גיסט ער זיך צונויף אַלץ בעסער און שטאַרקער מיט אָט דעם געפיהל.

וואָס קלערער דאָס געפיהל ווערט אויסגעדריקט, אַלץ מעהר ווערען מיר בעהערשט דערפון.

וואָס אויפריכטיגער דער קינסטלער איז, אַלץ שטאַרקער ווערען מיר בעהערשט פון דער קונסט. ווי נאָר דער צושויער, דער צוהערער, לעזער פיהלט, אַז דער קינסטלער ווערט אַליין בעהערשט פון זיין ווערק, און שרייבט, זינגט, שפּיעלט פאַר זיך און ניט נאָר צוליב דעם, אַז עס זאָל ווירקען אויף אַנדערע, אַזאַ געמיט־צושטאַנד פון דעם קינסטלער בעהערשט דעם אויפ־פאַסער, און פערקערט: ווי נאָר דער צושויער, דער לעזער, דער צוהערער פיהלט, אַז דער אויטאָר שרייבט, שפּיעלט, זינגט ניט פאַר זיין אייגענער בעפרידיגונג, נאָר פאַר איהם, פאַר דעם אויפפאַסער, און אַליין פיהלט ער ניט דאָס, וואָס ער וויל אויסדריקען, דאַמאָלס הייבען מיר באַלד אָן צו שפּירען אַ נייעם, מאָדנעם געפיהל. און ווי קונסטפאָל די טעכניק זאָל ניט זיין, איז ניט בלויז, וואָס זי מאַכט ניט אויף אונז קיין

שום איינדרוק, נאָר פערקערט, זי שטויסט נאָך אונז אָב.

איך רעד וועגען דריי בעדינגונגען, וואָס זיינען נויטיג, אז די קונסט זאָל אונז בעהערשען. אין אמת'ן אָבער איז מעהר ניטאָ ווי איין בעדינג. דאָס איז דער לעצטער. דער בעדינג, וואָס פאָדערט, אז דער קינסטלער זאָל שפירען א אינערליכע בעדערפעניש אויסצודריקען דעם געפיהל, וואָס ער גיט איבער. אָט דער בעדינג שליסט איין אין זיך דעם ערשטען בעדינג, וואָרום אויב דער קינסטלער איז אויפריכטיג, וועט ער אויס־דריקען דאָס געפיהל אזוי ווי ער האָט עס אויפגענומען. און אזוי ווי קיין מענש איז ניט עהנליך איינער צום צווייטען, וועט אָט דער געפיהל אויפגענומען ווערען בעזונדער פון יעדען איינעם, און וואָס טיפער דער קינסטלער וועט שעפען, אלץ אויפריכטינער הארציגער וועט זיין דאָס געפיהל. אָט די זעלבע אויפריכטינקייט וועט צווינגען דעם קינסטלער צו געפינען א קלאָרען אויסדריק פאר זיין געפיהל, וואָס ער וויל איבערגעבען.

און דעריבער איז אָט דער דריטער בעדינג (די אויפ־ריכטינקייט) דער וויכטיגסטער פון אלע דריי. אָט דער בעדינג איז אלע מאָל פאראַן אין די פאָלקס־קונסט. דערפאר טאקע ווירקט זי אזוי שטארק. אָט דער בעדינג פעהלט אָבער כמעט אומעטום אין אונזער קונסט פון די העכערע קלאסען, די קונסט, וואָס ווערט אָן אויפהער געשאפען פון די קינסטלער פאר זייער פערזענליכע, אייגעננוציגע און עהרגייציגע צוועקען. אָט דאָס זענען די דריי בעדינגונגען, וואָס אונטערשיידען אמת'ע קונסט פון נאָכגעמאכטע. צוזאמען דערמיט בעשטימען זיי דעם ווערט פון יעדען קונסט־ווערק, אונאבהעניג פון דעם אינהאלט. פעהלט איין בעדינג פון אָט די דריי, געהערט שוין דאָס ווערק צו ניט דער אמת'ער קונסט, נאָר צו דער געפעלשטער. ווען דאָס ווערק גיט ניט איבער די אייגענטימליכקייט פון דעם קינסטלערס געפיהל,

ווען ס׳איז ניט פערשטענדליך אויסגעדריקט, ווען זי שטאַמט ניט פון אויטאָר׳ס אינערליכער בעדערפעניש, איז דאָס ניט קיין קונסט־ווערק. אויב אָבער די אַלע דריי בעדינגונגען זענען פאַראַנען, כאָטש אין דעם קלענסטען גראַד, איז דאָס ווערק, מעג עס זיין שוואַך, דאָך אַ קונסט־ווערק.

אָט די דריי בעדינגונגען: אייגענטימליכקייט, קלאָרקייט און אויפריכטיגקייט געפינען זיך געוועהנליך אין קונסט־ווערק אין פערשיעדענע גראַדען. און דערמיט ווערט געמאָסטען דער ווערט פון קונסט־ווערק, אַלס קונסט, אונאַבהעניג פון איהר אינהאַלט.

ווילען מיר פערשטעהען דעם ווערט פון אַ קונסט־ווערק, דאַרפען מיר זעהען אין וואָס פאַר אַ גראַד עס געפינט זיך דערין דער ערשטער, דער צווייטער אָדער דער דריטער פון די דאָזיגע בעדינגונגען. אין איין ווערק געפינען מיר מעהר אייגענטימליכ־קייט פון געפיהל; אין אַ צווייטען איז מעהר קלאָרקייט פונ׳ם אויסדרוק; אין דריטען — אויפריכטיגקייט; אין פירטען — אויפריכטיגקייט און אייגענטימליכקייט ס׳פעהלט אָבער קלאָר־קייט. אין פינפטען געפינען מיר אייגענטימליכקייט און קלאָר־קייט אָבער ווינציג אויפריכטיגקייט, א. א. וו. אין אַלע מעגליכע שטופען און קאָמבינאַציעס. אָט אַזוי אונטערשיעדען מיר קונסט פון ניט־קונסט, און אַזוי ווערט בעשטימט דער ווערט פון קונסט, אַלס קונסט, אונאַבהעניג פון איהר אינהאַלט.

די קונסט איז ניט קיין געגוס, ניט קיין צייט־פערטרייב. די קונסט איז אַ גרויסע זאַך. די קונסט איז אַ לעבעדיגער אָרגאַן פון דער מענשהייט, וואָס טראָגט איבער דעם בעוואוסט־זיין פון מענשען, פונ׳ם מח צום געפיהל. אין אונזער צייט בעשטעהט דער אַלגעמיינער רעליגיעזער בעוואוסטזיין פון די מענשען אין דעם בעוואוסטזיין אַז אַלע מענשען זענען ברידער

און אין זייער איינינקייט איז זייער גליק. די אמת׳ע וויסענשאפט דארף ווייזען פערשיעדענע בילדער, ווי אזוי מ׳דארף אָט דעם בעוואוסטזיין צופאסען צום לעבען. די קונסט דארף אָט דעם בעוואוסטזיין איבערטראָגען אין געפיהל.

די קונסט דארף מאכען, אז די געפיהלען פון ברידערליכקייט און ליעבע צו מענשען, וואָס זענען יעצט צוטרעגליך נאָר פאַר די בעסערע מענשען פון דער געזעלשאפט, אז אָט די געפיהלען זאָלען ווערען די געוואוינהייט, דער נאטירליכער אינסטינקט פון אַלע מענשען.

פעראייניגענדיג אַלע מענשען, די סאמע פערשיעדענע, אין איין געפיהל און פערניכטענדיג די ווענטלעך, וואָס צוטיילען מענשען, וועט די פאָלקס־קונסט ערציהען מענשען צו אייניגקייט, וועט זי בעווייזען ניט מיט שכל׳דיגע ראיות, נאָר מיט׳ן לעבען אליין, די פרייד פון אַלמענשליכע אייניגקייט.

די בעשטימונג פון דער קונסט אין אונזער צייט בעשטעהט אין דעם, אז עס מוז איבערגעטראָגען ווערען פון מח אין הארצען דער אמת וועגען דעם, אַז דעם מענשענס וואָהלזיין ליגט אין זייער אייניגקייט, און אוועקשטעלען אנשטאָט די הערשאפט פון דעם פויסט, די געטליכע מאכט, ד. ה. די מאכט פון ליעבע, וועלכע שטעלט זיך פאַר אונז אַלעמען, אלס דער העכסטער לעבענס־ציעל פון דער מענשהייט.

עס קען זיין, אז אין דער צוקונפט וועט די וויסענשאפט ענטדעקען פאַר דער קונסט נייע, העכערע אידעאַלען און די קונסט וועט זיי פערוווירקליכען. נאָר אין אונזער צייט איז די ראָלע פון קונסט קלאָר און בעשטימט.

די אויפגאבע פון קונסט — איז די פערוווירקליכונג פון ברידערליכער אייניגקייט צווישען מענשען.

---